נויעכ לוריע

# בא דער אָפּענער גרוב

דערציילונגען

אָ ג י ז
מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס"
מאָסקווע, 1944

# גאווריִעל פערליס

ס'איז געווענ א לעצטע נאכט. צווישנ אופרייַסנ אונ סרייפעס, טוליענדיק צומ הארצנ די איבערגעשראָקענע קינדער, האָבנ די אייַנוווינער פארלאָזט די שטאָט. ס'איז שוינ ניט געווענ קיינ צוג, קיינ פור, קיינ פרייַע מאשינ. מע איז געגאנגענ צופוס.

דעמ אלטנ גאווריִעל פערליס האָט מענ ניט לאנג אָפגענומענ דעמ רעכטנ פוס.

— טראכט ניט קיינ סאכ, — האָט ער געצייַלט די זייַניקע. — הייבט זיכ אופ אונ גייט. איר דארפט לעבנ. עפעס זייט איר נאָכ שולדיק דער וועלט אונ עפעס קומט אייַכ נאָכ ארויס פונ איר. איכ האַלט שוינ בא דער אונטערשטער שורע. לאָזט מיר איבער א לעבל ברויט, א ביסל זאלצ. וואסער איז דאָ. אונ זאָל געשענ, וואָס ס'איז באשערט.

ער איז געווענ א פאָטער אונ א זיידע פונ א פילצאָליקנ ברייט-פארצווייַגטנ דאָר: זינ אונ טעכטער, איידעמס אונ שניר, אייניקלעכ אונ אוראייניקלעכ. זיי זייַנענ געווענ זייַנ שטאָלצ אונ זייַנ האָפענונג.

— ניט אומזיסט, — פלעגט ער טייַנענ. — ניט אומזיסט האָט מענ אונדז אָנגעזאָגט: מערט זיכ אונ פרוכפערט זיכ. וואָס הייסט, א פאָלק מוטשעט זיכ טויזנטער יאָרנ, האָט קיינ איינ גוטע שאָ ניט געהאט? ניט אנדערש, מיר גייענ צו עפעס גאָר א געהויבענער צייַט. ווי זאמד אונ ווי שטערנ, שטייט געשריבנ. ווי זאמד וועט מענ אייַכ טרעטנ, נאָר ווי שטערנ וועט איר נאָכ שייַנענ. דארפ מענ האָבנ, מיט וועמענ זיכ ווייַזנ צומ טיש.

אזוי פלעגט ער אייַנריידנ זייַנע לייַט, איבערהויפט די פרויענ, זיי זאָלנ ניט קארגנ קיינ צוווּקס. אז ס'האָט זיכ בא עמעצנ פונ זיי אומגעריכט פארקניפט אנ אָנהייב פונ א נייַער באשעפעניש, איז צווישנ מאנ אונ ווייַב אפ דעמ פאל געווענ אָנגענומענ א ווערטל: „דעמ זיידנ גאווריִעלס בראָכע"...

די מישפאָכע איז געווענ צעוואָרפנ איבער גאָר דער ברייט פונעמ סאָוועטישנ לאנד, נאָר די היימ האָט בא זיי אלעמענ געהייסנ די שטאָט אינ אוקראיִנע, וווּ דער זיידע האָט געלעבט. איצט זייַנענ די לעצטע אוועק פונ דער היימ, אונ דער זיידע האָט ניט געהאט מיט וואָס צו גיינ.

עטוואָס אָנגעבויגנ פאָרויס דעמ ווייַס-באוואקסענעמ קאָפ, איז ער געזעסנ אפ זייַנ הילצערנעמ שטול מיט די הענטלעכ. דאָס ברייטע פאָנעמ זייַנס האָט געאָטעמט מיט פייַער אונ באשלוס. די היימישע ארומ אימ — יונגע מיידלעכ, מאמעס מיט אייפעלעכ, — האָבנ געבראָכנ די

הענט, זיך געעקט פאר הארצווייטעק, און ער האָט געקלאַפּט מיט דער קוליע אין דיל און מיט א פּרוקענער, הארטער שטים געמאָנט:
— מאכט ניט קיין שׂוֹעס. יעדע מינוט איז טײַער. גייט! איך הייס!
מיטאמאָל איז לײדיק געוואָרן אין שטוב. דער אלטער האָט גע־הערט: א קנאַל פונעם קלאַפּ־שלאָס, אראָפּלויפנדיקע טריט אפ די טרעפּ. דער לעצטער ואָפּהילך... ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט: „ארויסגעפּעקלט די קינדער. ווײַטער וועט זיי שוין גאָט העלפן"... ערשט איצט האָט ער זיך דערפילט מיד, אָן קויעך זיך צו רירן פונעם אָרט. אזוי איז ער געזעסן אומבאוועגלעך צווישן דרעמל און וואך. א מעכטיקער דו־נער האָט אופגעטרייסלט די ווענט, אויסגעלאָשן די שײַן. די ווינעס האָבן באַם אלטן א ציטער געטאָן, נאָר די אויגן האָט ער ניט גע־עפנט. „אופגעריסן די עלעקטראָסטאנציע", — האָט ער זיך אויסגע־טײַטשט די פינצטערניש און איז געבליבן זיצן, ווי ער איז געזעסן.
ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, זײַנען אפ די שפּיצן פון די טאָ־פּאָלן פאַרן פענצטער שוין געלעגן די ערשטע זון־שטראַלן, און פון קאָרידאָר האָט געקוקט די שכיינע, געשטאַנען א ווײַלע, א זיפץ גע־טאָן, א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אוועק. שפּעטער האָט זי ארײַנ־געטראָגן א גלאָז טיי.
— אָ־אָ! — האָט גאוורוּעל פערלים זי באגעגנט מיט פרייד. — א דאנק, ווערא סטעפּאנאָוונא, א דאנק.
— קיין עלעקטרע איז ניטאָ, און בא מיר הייצט זיך די פּליטע, — האָט זי זיך אזוי ווי פאַרענטפערט פאר איר פרײַנטלעכקײַט און שטיל מיטגעטיילט — זיי זײַנען שוין דאָ.
דערופ האָט ער גאָרניט געזאָגט. זי איז געשטאַנען און געוואַרט, ביז ער האָט אויסגעטרונקען, דאן האָט זי גענומען דאָס גלאָז און זיך אומגעקערט מיט א פּולס.
— א שאָד, ניטאָ קיין מילך, — האָט זי באדויערט. און איז ווי־דער געשטאַנען, געקוקט, ווי דער אלטער טרינקט. — מע רעדט, זיי הארגענען אוים אלע אײַערע, יונג און אלט.
— אזוי איז עס. — האָט ער באשטעטיקט.
דאָס גלעזל טיי האָט אים אָפּגעפרישט. „האָב איך נאָך הײַנט גע־זען עפּעס גוטס פון א מענטשן"... — האָט ער זיך געטרייסט, ווען די פרוי איז אוועק.
באַטאָג האָט זי געבראַכט און אוועקגעשטעלט פאר אים עטלעכע רויטע פּאָמידאָרן אפ א טעלער, זיך אנטשולדיקנדיק:
— איך וואָלט אײַך עפּעס אָפּגעקאָכט, האָב איך מוירע געהאַט, איר וועט ניט עסן פון אונדזער טעפּל.
— פּאָמידאָרן האָב איך פון שטענדיק ליב. — האָט ער זי בא־רויִקט. — ביפראַט הײַנט און פון אײַער האַנט זײַנען זיי בא מיר טאָפּלט ואָנגעלייגט.
אָנשפּארנדיק זיך אפ דער קוליע, האָט ער זיך אופגעהויבן, גע־וואשן די הענט, זיך געזעצט צום טיש און מיט א געוויסער פײַער־לעכקײַט גענומען אָפּריכטן די באשיידענע סודע. און ווידער איז די

שכײנע געשטאנענ אונ פונ דער זײַט געקוקט, ווי ער עסט, גלײַב דאָס וואָלט זי אי הארציק רירנ, אי שטארק בידעשנ.

נאָכנ עסנ האָט גאוורי:על פערלימ צעשטעלט דעמ שאָכ אונ גענומענ שפילנ מיט זיכ אלײנ — ניט געכאפט, ערלעכ באטראכטנדיק די גענג פאר בײדע צדאָדימ. אפנ צווײטנ צאד האָט ער אינ גערדאנק זיכ פאָרגעשטעלט אײנעמ פונ די אײניקלעכ זײַנע, דעמ פיר־אונ־צוואַנציק־יאָריקנ איזיענ, מיט וועלכנ ער פלעגט אָפט מאכנ א שאָכ. בא יענעמ איז, ביז דו באקלערסט דײַנ גאנג, שוינ פארטיק דער ענטפער. אונ ער געווינט, דער לײַדאק... גאוורי:על שמײכלט. ער זעט אימ, דעמ באָכער, פאר די אויגנ. אז ער קומט ארײַנ, ווערט ליכטיקער אינ שטוב. פרײַ, פרײלעכ, געשיקט, פול מיט לעבנ. הײַנט אז ער שפילט אינ וואָלײבאָל, דער יונגאטש!.. דער אלטער האָט געקאָנט שאָענ זיצנ אפנ באלקאָנ, אראָפקוקנ צומ הויפ אפ דער שפיל, אפ דעמ אײניקלס באוועגונגענ, אונ אָנקוועלנ פונ נאכעס. יוגנט!.. וואָס האָט זײ געפעלט, ביז דער ראָשע האָט זיכ ארײַנגעמישט, אונ צו וואָס האָבנ זײ דענ ניט געטויגט? די וועלט איז געווענ פאר זײ אָפנ. ווענ זײ גלײבנ נאָכ אינ גאָט..., נאָר דאָס האָט שוינ גאוורי:על פערלימ איבערגעקרענקט. פארפאלנ. בלינדע מענטשנ. זעענ ניט דאָס, וואָס עס איז קלאָר, ווי דער טאָג... ווו איז ער איצט, איזיע? ערגעצ דאָ טאקע אינ אוקראַינע, אינ סאמע פײַער אפ זײַנ טאנק...

דער שכײנעס טריט האָבנ זיכ געלאָזט הערנ אינ קאָרידאָר.

— ווערא סטעפאנאָוונא! — האָט ער זי פארבעטנ אונ אויסגעשטרעקט א בינטל שליסלעכ. — עפנט די שאפע, רוקט ארויס די שופלאָדנ.

זי האָט עס געטאָנ.

— דאָ ליגט וועש, מאלבושימ. נעמט, איכ בעט אײַכ. וואָס איר דארפט ניט פאר זיכ, צעגיט אײַערע קרויווימ, אײַערע גוטע־פרײַנט. מע טאָר ניט דערלאָזנ, די באנדיטנ זאָלנ דערפונ האנאָע האָבנ.

— אונ וואָס וועט נאָכדעמ אײַער שנור זאָגנ? — האָט זיכ די פרוי באומרו:קט.

— ווו איז זי שוינ איצט, ווענ וועט איר זי זענ? אונ וואָס בכלאל קאָנ מענ זאָגנ נאָכ אזא סרײפע? קאָלזמאנ די באנדיטנ האָבנ ניט ארופגעלײגט אפ דעמ זײער לאפע, נעמט עס צו פונדאנענ.

— טאקע עמעס, — האָט די פרוי מאסקימ געווענ. — אײדער ס'זאָל אָנקומענ צו פרעמדע. מיר זײַנענ פונדעסטוועגנ שכײנימ, אײגענע מענטשנ.

באלעבאטיש, ווי זי איז עס געווינט געווענ, האָט זי אָנגעהויבנ איבערקלײַבנ די העמדער, די לײַלעכער, די ציכנ, באזונדער די גאנצע, באזונדער די אָנגעריסענע — צומ פאריכטנ, נאָר דער אלטער האָט אונטערגעטריבנ:

— הײַעט ניט. נעמט, ווי סע גײט. זײ קאָנענ אָנשפרינגענ, די טמײוולאָנימ, אינ יעדער רעגע.

ס'האָט געטונקלט. אינ דער טונקל איז דער אלטער געזעסנ אפ זײַנ אָרט אונ צו ביסלעכ געדרעמלט. דער זײגער האָט געשלאָגנ צענ, עלפ. „הײַנט וועלנ זײ שוינ, אפשר, ניט קומענ, באָרעכאשעמ יוימ,

יוים“... — האָט גאווריִעל געדאנקט פאר דעמ געשענקטנ טאָג. ער האָט זיכ געמוזט אָנטאָנ א קויעכ צו רירנ זיכ פונ שטול, לייגנ זיכ אינ בעט. אזוי מיד איז ער געווענ. אָבער ווי נאָר ער האָט זיכ געלייגט, אויסגעצויגנ די גלידער, האָט ער דערפילט, אז דער שלאָפ האָט זיכ אָפגעטאָנ, וועט זיכ ניט אומקערנ שוינ די גאנצע נאכט. ער האָט געהערט די קלעפ פונ זיַנ הארצנ — אופגערעגטע אונ טויבע — אונ געפרווט עס איַנשטילנ, איבערריידנדיק: „נו, וואָס קאָנסטו זיכ ניט באַרויִקנ? האָסט ערלעכ געדינט צוויי אונ זיבעציק יאָר אינ פרייד אונ אינ לייד, דערצי שוינ ביזנ סאָפ. ס'וועט שוינ לאנג ניט געדויערנ... קינדער, יונגע ביימעלעכ, וואָס האָבנ נאָכ ניט געבליט, קיינ פרוכט ניט געגעבנ, ווערנ פארשניטנ, אונ מיר מיט דיר האָבנ ווי-ניט-איז א לעבנ אָפגעלעבט. ס'גלוסט זיכ ניט שטארבנ, הא? ס'גלוסט זיכ ניט... דאָכ זיַ ניט אזוי געפאלנ... איבערהויפט אינ דער לעצטער שאָ, ווענ איכ וועל דארפנ שטיינ פאר די טאליאָנימ, ענטפערנ זיי א וואָרט“...

ער האָט זיכ אופגעזעצט אפנ געלעגער, אראָפגעלאָזט דעמ איינציקנ פוס, געאָטעמט מיט אנ אָפנ מויל. דאָס הארצ האָט ווי געטאָנ אזוי, אז ס'האָט זיכ געוואָלט שריַענ פאר ווייטעק. „אָט דאָס, — האָט גאווריִעל פערלימ זיכ צעטיַנעט אינ דער פינצטער. — אָט דאָס איז דער טאכלעס פונ א פאָלק נאָכ טויזנטער יאָר וואָגלעניש אונ מאטערניש? וווּהינ פירסטו אונדז, ריבוינעשעלוילעמ, אונ וווּהינ האָסטו אונדז געבראכט?.. נא. מע טאָר ניט זינדיקנ. די שלאכט גייט. די קינדער שטייענ אינ פיַער, שטראָפ זיי ניט, גאָט, פאר מיַנע רייד. באַשירעמ זיי פונ בייז. שטארק זייערע הענט אונ זייערע הערצער... מע טאָר ניט זינדיקנ...“

ער האָט זיכ אופגעכאפט ערשט, ווענ די שכיינע איז א באומרויִקטע אריַנ געוווירע ווערנ, עפשער איז ער ניט מיט אלעמענ.

— א דאנק, ווערא סטעפאנאָוונא, א דאנק. אלצ איז אינ אָרדענונג. פאָשעט שפעט איַנגעשלאָפנ.

— זיי גייענ פונ קוואַרטיר צו קוואַרטיר. — האָט זי מיטגעטיילט. — וועלנ, מיסטאמע, באלד אהער אויכ אריַנ.

— ווי דענ, זיי וועלנ דורכלאָזנ? אזעלכע זאכנ טוענ זיי אָפ אקוראט.

ער האָט עס געזאָגט רויִק, נאָר אינ הארצנ האָבנ אירע ווערטער זיכ אָפגערופנ מיט א טיאָכ, ווי א שלאָג פונ א גאָנג.

— אנטשולדיקט, איכ וועל זיכ אָנטאָנ, — האָט ער זיכ אופגערירט, — אונ גיט מיר, איכ בעט איַכ, א קווערטל וואסער.

די וואסערלייטונג איז צעשמעטערט געווענ, ער האָט איבערגעדעקט דאָס געלעגער, זיכ געוואשנ, פארנ שפיגל צוגעקעמט די האָר, די באָרד, דאנ געזעצט זיכ אינ שטול אונ גענומענ זאָגנ די פרימאָרגנדיקע בראָכעס. זיַנ ברייט ענערגיש פאָנעמ איז געווענ בלייכ אונ אופגערודערט. די צעעפנטע אויגנ פארטראָגנ ערגעצ וויַט. „באָרוכ מאטיר אסורימ... באָרוכ זויקעפ קפופימ“... האָבנ די ליפנ געוווינטערהייט געשעפטשעט, אונ אינ געדאנק איז געווענ אנ אנדער טפילע: „גיב מיר, גאָט, קויעכ אינ אָט דער לעצטער שאָ. פארשעמ מיכ ניט פאר די סאָנימ. ווער

זײַנענ זיי? גיווזעדיקע ברױעס אָנ א פונק נעשאָמע. זיי טאָפּטשענ אונדזער לײַב, פארגיסנ אונדזער בלוט, דאָס איז זייער פאך. נאָר פארשאפ זיי ניט די בייזע פרייד צו זענ אונדזער שאנד, אונדזער שוואכקײַט. קויעך גיב מיר, גאָט, אונ מוט"...

אונ גאוורױעל פערלים האָט געהאט א געפיל, אז גאָט האָט דערהערט זײַנ געבעט. א דערפרישנדיקע קרעפטיקײַט איז אים צוגעפלאָסנ, דערמונטערט זײַנ הארצ. די שכײנע האָט ארײַנגעטראָגנ איבערבײַסנ, האָט ער זיך צום עסנ ניט צוגערירט. א מוירע האָט אים אָפגעהאלטנ — צעשלאָגנ די אינערלעכע גאנצקײַט, פארלירנ דעם געפונענעם אָנשפאר. מיטנ באקאנטנ צושטאנד פונ פאסטנ האָט זיך בא אים פונ שטענדיק אָנ באהאָפטנ גײַסטיקע רייִנקײַט אונ געהייליקטקײַט, גרייטקײַט צו שטעלנ זיך פארנ העכסטנ מישפעט. ער איז געווענ אָנגעשטרענגט ביז גאָר, געוואָלט, אז דאָס, וואָס ס'איז ניט צו פארמײַדנ, זאָל שוינ גיכער געשענ. ער האָט געהערט: הארטע, האסטיקע טריט קלאפנ אפ די טרעפ, דערנעענטערנ זיך, שטעלנ זיך אָפ פאר דער טיר... „גאָט, אָנ עק... וואָס עפנט זי ניט?"..— איז ער געווענ אומגעדולדיק, וואָס די שכײנע זאמט זיך, ווי אים האָט זיך געדאכט. ער האָט זיך איבערגעשטעלט אונ, אָנגעשפארט אפ דער קוליע, מיט א ווײַסנ קאָפ אונ אנ אופגעהויבנ פאָנעם געווארט אפ די געסט.

צווייענ זײַנענ ארײַנ, אײנער פונ זיי אנ אָפיצער, א הויכער, מיט האלבע גלעזלעך אפ די אויגנ. אָט די הוילע שמאָלע גלעזלעך האָבנ דעם אלטנ א שניט געטאָנ איבערנ הארצנ. „דאָס איז דער טויט", — האָט ער זיך געזאָגט, קוקנדיק אפ זיי. דער אָפיצער איז געקומענ פארנעמענ די דירע. מע האָט אים זי פארלויבט אונ געזאָגט, אז די אײַנוווינער זײַנענ אוועק אונ איבערגעלאָזט אלצ. די צימערנ, די אויסשטאטונג האָבנ אים באפרידיקט, נאָר אָט דער אלטער...

— פרעג אים נאָר. — האָט ער איבערגעגעבנ דורכנ סערזשאנט. — וואָס איז ער דאָ געבליבנ שטעקנ, ניט אנטלאָפנ אינאײנעם מיט אלע זײַנע ייִדנ?

— לויפ אָנ פיס. — האָט גאוורױעל פערלים געענטפערט, ניט ווארטנדיק, ביז דער סערזשאנט וועט איבערכאזערנ די פראגע.

— איר האָט אָבער געקאָנט עפעס אנדערש מאכנ. — האָט דער אָפיצער זיך אָפגערופנ שוינ אָנ א פארמיטלער. — איך זע: א האקנ אינ דער סטעליע איז דאָ, א שטריקל אפ דער שאפע — אויך. אלע בעסערע ייִדנ מאכנ עס געוויינלעך אומעטום, וווּהינ מיר קומענ צו גייִנ.

— איך האָב וועגנ דעם געטראכט. — האָט דער אלטער געזאָגט.

דער אָפיצער האָט א קוק געטאָנ אפנ זייגער.

— איצט איז פונקט אכט. איך קום אינ פערציק מינוט ארום. איר האָט נאָך גענוג צײַט.

— איך האָב וועגנ דעם געטראכט. — האָט דער אלטער איבערגעכאזערט. — נאָר איך בינ געקומענ צום אויספיר, אז — ניינ, איך וועל עס ניט טאָנ. איך וועל אײַך די ארבעט ניט פארגרינגערנ, מײַנ בלוט, ווי אלעמענס, נעמט אפ זיך, אפ אײַערע קעפ.

דער פרײַס איז אוזש אונטערגעשפרונגענ.

— דו ווערסט פרעכ! ווי רעדסטו מיט א רײַטשישנ אָפיצער? צו די פים מײַנע פאל, קרעציקער יִיד! די שטיוול מײַנע קוש, איכ זאָל דיר דײַנ הינטיש לעבנ שענקענ.

נאָר דער אלטער איז שוינ געווענ מיד.

— מע קאָנ, — האָט ער געזאָגט געלאסנ. — מע קאָנ אמאָל טאָנ אזא זאכ. אָפצוראטעווענ א קינד, אשטייגער, אָדער א פרוי פונ מער־דערס הענט, ווייל מאכנ זײַנ הארצ, א מערדער האָט אויכ א הארצ, אָבער איר? איר זײַט האָכ א מאשינ... אונ ביכלאל, צוליב וואָס? צוליב וועמענ?.. גיינ, טוט, וואָס איר ווילט. איכ זעצ זיכ. מיר איז שווער לאנג צו שטיינ. טוט, וואָס איר ווילט. אונ וואָס אײַכ פאסט...

אונ גאוורילע פערלים האָט זיכ אראָפגעלאָזט אינ זײַנ שטול.

— ✶✶✶ —

# בא דער אָפענער גרוב

דער באפעל פונעמ דײַטשישנ קאָמענדאנט איז געווענ, אלע ייִדנ מיט ווײַב אונ קינד זאָלנ פינקטלעכ צו זיבעצנ אזייגער דרײַסיק מינוט זיכ פארזאמלענ אינ נײַעמ סקווער קעגנ וואָקזאל. דערבײַ דארפ איטלעכער מיט זיכ נעמענ עסנווארג אפ דרײַ טעג אונ א האנט־וואליזע מיט די נייטיקסטע זאכנ.

פונ אינדערפרי אָנ האָבנ אינ די הויפנ זיכ געסויערט דערשראָקענע רעדלעכ. שכײַנימ האָבנ געקלאפט איינע צו די אנדערע אינ די טירנ: מע האָט געטײַטשט דעמ באפעל, געוואָלט זיכ קלאָר מאכנ, וואָס ער קאָנ אויסנ זײַנ, אויב אוועקטרײַבנ אפ עפעס אנ ארבעט, ווי קומענ אהער די קינדער? אויב כאָלילע הארגענענ, וואָס זאָרגנ זיי זיכ, מע זאָל מיטנעמענ עסנ אפ דרײַ טעג? ניט אנדערש, דער מיינ איז: אלע ייִדנ ערגעצ ארויסשיקנ. וווּהינ? ס'זײַנענ געווענ די ערשטע כאראָשימ פונ דער מילכאָמע, דעמ סוינעמס גענג זײַנענ נאָכ ניט ביזנ סאָפ באקאנט געווענ, נאָר אפ קיינ גוטס האָט מענ זיכ ניט געריכט.

פרויענ האָבנ אָפגעקליבנ די זאכנ פארנ וועג — וואָס לאָזט מענ איבער, וואָס נעמט מענ מיט? מע האָט איבערגעטאפט איטלעכ שטיקל וועש, געהאלטנ עס אינ די הענט, מיט ווייטעק אוועקגעלייגט. מע האָט געזאמט בא די קיילימ, בא די געפעס. יעדע שאָל, יעדער טעלער איז ארײַנ אינ שטוב אינ א פארגעדענקלעכנ טאָג, האָט געהאט עפעס צו דערציילנ. מע האָט געקוקט אפ די טישנ, בא וועלכע מע האָט צוזאמענ געגעסנ, מיט גוטע־פרײַנט פארבראכט, יאָמטויווימ אונ סימכעס געפראוועט. מע האָט זיכ געזעגנט מיט די ווענט, מיט די ווינקלענ. איטלעכ טעפיכל, איטלעכ שאפקעלע איז נאָכ געהאנגענ, געשטאנענ דאָרט, ווו סע דארפ, האָט געלעבט זײַנ לעבנ. די באנדיטנ וועלנ עס איבערקערנ, ארויסטראָגנ, צעראבעווענ.

אז די אָנגעוויזענע שאָ האָט זיכ דערנענטערט, האָט מענ אָנגעהויבנ פארשליסנ די הײַזער. מע האָט געוואָרפנ דעמ לעצטנ בליק אפ דער נעסט, וואָס מע פארלאָזט, אפ דער צוגעמאכטער טיר אונ מע איז אוועק. די גאסנ זײַנענ אָנגעפילט געוואָרנ. פונ אלע עקנ שטאָט האָט מענ זיכ געצויגנ צומ סקווער. מישפאָכעס זײַנענ געגאנגענ — ארומגעקלעפט מיט קליינווארג, מיט אייפעלעכ אפ די הענט. עלטערע מענטשנ — טרויעריק פארטראכט, מיט לאנגזאמע טריט. קראנקע האָבנ זיכ געשלעפט מיט די לעצטע קויכעס, קרומע — אפ זייערע קוליעס. בלינדע — טאפנדיק מיטנ שטעקנ דעמ וועג. א שטאָט, וואָס האָט

געשעמט מיט איר שיינער יוגנט, — באָכערים, ווי סאָסנעס, מיידלעכ, ווי סאָנעשניקעס — איז מיטאמאָל אײַנגעבויגנ אונ גרוי געוואָרנ. ס'האָט זיכ געפעלט איר שײַנ. אלצ, וואָס עס האָט געהאט קויעכ, איז אוועק, ווער מיט די אונטערנעמונגענ, ווער אינ דער רויטער ארמיי, ווער אינ די לעצטע שאָענ צופוס, נאָכ דער ארמיי.

ס'איז געווענ אינ א לויטערנ סענטיאבער-טאָג. א מילדע ווארעמקײַט האָט זיכ געלייגט אפ די פענעמער, אונ ס'איז געווענ, ווי די זונ וואָלט זיכ פארענטפערט פאר די מענטשנ: איכ טו, וואָס איכ קאָנ, אפ מער בינ איכ ניט קיינ באלעבאָס...

דער זיבעציק-יאָריקער מארקוס האלפערנ מיט די מילכ-ווײַסע קורצ אונטערגעשוירענע געדיכטע האָר האָט געשפאנט געלאסנ, ווי אפ א שפאציר. פאר באקאנטע, וואָס האָבנ אימ איבערגעיאָגט, האָט ער ארויסגענומענ זײַנ שווערנ זילבערנעמ זייגער, געעפנט די גראָבע קופערטע אונ געוויזנ: ס'איז נאָכ דאָ צײַט. ס'האָט זיכ געמאכט אזוי, אז צומ אָנהייב פונ די געשעענישנ איז ער געבליבנ אליינ, אָנ קיינעמ פונ די קינדער לעבנ זיכ. איצט האָט ער אפ א פערטל פאפיר מיט זײַנ ציכטיקסטנ קסאוו אָנגעשריבנ: „מע בעט זיכ ניט באמיענ, קיינער איז צו הויז ניטאָ“. מיט פיר קנאָפקעס בא די ווינקלענ האָט ער צוגעשפיליעט עס צו דער טיר, די טיר זאָרגעוודיק אפ ביידע שלעסער פארשפארט, די שליסלענ באהאלטנ אינ קעשענע אונ מיט ניט קיינ גרויסער וואליזע אינ איינ האנט אונ א קוישעלע אינ דער צווייטער, ווי ס'איז אָנגעוויזנ אינ באפעל, זיכ געלאָזט גיינ.

ער איז געווענ נאָכ גאנצ קרעפטיק פאר זײַנ עלטער, ניט דיק, נאָר פעסט געפאקט. רויִקײַט אונ אומבארירלעכ-אָפגעשטעלטע צײַט פאר אלצ, וואָס ער האָט אָפצוטאָנ דורכנ טאָג, איז געווענ דער געזעצ פונ זײַנ פירונג בא אלע אומשטענדנ. דער „דײַטש“ — אזוי איז געווענ זײַנ צונעמעניש אינ שטאָט. ער האָט שטענדיק געלעבט אפנ זייגער, כאָטש ער איז קיינמאָל ניט געווענ צופיל פארנומענ, ניט נאָר איצט, ווענ ער איז געזעסנ באמ זונ אפ קעסט, נאָר אויכ אמאָל, אינ די יאָרנ פונ זײַנ זעלבשטענדיקײַט. די שניטקראָמ האָט געפירט די פרוי. ער פלעגט ארײַנקומענ, שטיינ אונ ריידנ מיט א מענטשנ וועגנ שטאָט-נײַעס, וועלט-זאכנ, פאָליטיק, נאָר ניט מישנ זיכ צומ פארקויפ — דאָס האָט די פארשטאָרבענע פײַנט געהאט. ווענ מארקוס האלפערנ איז געגאנגענ אינ קלייט, האָט מענ געוווּסט, ס'איז פונקט האלב צוויי. האלב פינפ איז ער געגאנגענ צוריק, עלפ אינ אָוונט זיכ געלייגט שלאָפנ, זיבנ אינדערפרי אופגעשטאנענ, פארנ אָנבײַסנ אונ פארנ שלאָפנ געטרונקענ זויערמילכ. אזוי יאָרנלאנג, פונ טאָג צו טאָג אומפארענדערט.

שטרענג אויסגעטיילטע שאָענ זײַנענ בא אימ געווענ פאר לייענענ א בוכ, פאר זיצנ אונ שרײַבנ. די טיש-קעסטלעכ זײַנענ פול געווענ מיט זײַנע קסאָווימ. דאָ איז געווענ א פאָפולערע אסטראָנאָמיע, העפטנ מעמוארנ, א זאמלונג פונ אלע יידישע נעמענ מיט סוואָרעס צו יעדנ נאָמענ, פונוואנענ ער שטאמט. נאָר דאָס שײַנדל פונ זײַנ פיליאָריקער מי זײַנענ געווענ עטלעכע איבערזעצונגענ פונ שילערס געדיכטנ אפ העברעיִש. די גאנצע מישפאָכע האָט מיט זיי שטאָלצירט.

שאבעס נאָכ װארמעס האָט ער ליב געהאט לייענענ פאר דער פרוי א קאפּיטל פונ טורגעניעוו אָדער גאָנטשאראָוו. ער זיצט אינ פּאָטעל. זי — קעגנ אים אפ דער קאנאפּע, הערט מיט א שמייכל, ביז די וויִעס הייבנ זיכ איר אָנ קלעפּנ פונ מידקייט פאר דער וואָכ אונ פונ די שווערע שאבעסדיקע מײַכאָלים. זי דרעמלט אונטער, רײַסט אופ די אויגנ אונ שמייכלט ווידער. ער באמערקט גאָרניט, אזוי פארטאָנ איז ער אינעמ אינהאלט פונעמ ווערק, וואָס זעט אים אויס מיט יעדנ מאָל אלץ טיפזיניקער אונ טרעפלעכער, אונ אזוי פארכאפּט איז ער מיט דער שיינקייט פונ דער רוסישער שפּראכ, וואָס קלינגט אינ זײַנע אויערנ ווי מוזיק, כאָטש ער קאליעטשעט די ווערטער שווידערלעכ אונ צעשטעלט די אקצענטנ אפ די סאמע אומגעריכטע ערטער.

די רעוואָליוציע האָט אים א ביסל צעטומלט די געדאנקענ. די קלייט איז צונישט געוואָרנ. נאָר דאָס האָט אים גראדע ווייניקער געארט. שווערער איז געווענ זיכ אָפּזאָגנ פונ אייניקע געוווינשאפטנ, אונ אמשטארקסטנ האָט אים געערגערט די אומאָרדענונג. ער האָט אָפט אינ יענע יאָרנ געמורמלט:

— איכ פארשטיי: דאָס לעבנ, ווי זאָגט איר, איז א קאמפּ. נאָר א צוג הארפ אָפּגיינ צו דער צײַט, אונ באנאכט דארפ א מענטש שלאָפנ...

אז די פרוי איז געשטאָרבנ, האָבנ אים אויסגעהאלטנ די קינדער. איצט איז ער שוינ אינגאנצנ פרײַ געווענ פונ דער זאָרג וועגנ פארנאָסע. אלע אָנהייב אָוונט איז ער צוויי מיט א האלבער שאָ געזעסנ אינ דער ביבליאָטעק. כוץ דער צײַטונג האָט ער געלייענט נאָר אזוינע זאכנ, וואָס זײַנענ אים שוינ געווענ באקאנט פונ אמאָל: אלטע העברייִשע זשורנאלנ, דעמ „וואָסכאָד“, ווידעראמאָל טורגעניעוו אונ גאָנטשאראָוו, שילערנ אפ דײַטש. באטאָג, אז דער וועטער איז געווענ שטיל, איז ער אפ א פּאָר שאָ געגאנגענ אינ סעדל זיצנ אפ דער באנק מיט נאָכ אזעלכע אלטע לײַט, ווי ער. זיי דערזעענ אים אָנקומענ, נעמענ זיי געווײַנלעכ ארויס די זייגערס: דער „דײַטש“ גייט ארײַנ אינ סאָד פּונקט צו דער מינוט. מע פארפירט א שמועס וועגנ פּאָליטיק. אנדערע האָבנ טײַנעס צו די באָלשעוויקעס. ער ווידער האלט שוינ זייער צאד.

— האָט געדולד. — זאָגט ער. — זיי ארבעטנ מיט א פּלאנ. לאָז מענ זענ, וואָס דערפונ וועט ארויסקומענ.

אז היטלער האָט גענומענ די מאכט, אונ זײַנע מײַסים זײַנענ באריִמט געוואָרנ, האָבנ די ייִדנ אינ סאָד אפ דער באנק געמאָנט באמארקוסנ:

— אײַער דײַטש — פּע. אמאָליק איז דאָכ א הונט קעגנ אים!

אונ דער אלטער האָט געמוזט מודע זײַנ:

— עפּעס איז דאָרט געשענ אזוינס, וואָס איכ פארשטיי ניט. א נײַער מינ דײַטש.

פאר די עטלעכע טעג, וואָס די היטלעראָווצעס האָבנ געבאלעבאטעוועט דאָ אינ שטאָט, האָט ער זיכ גענוג אָנגעהערט וועגנ זייערע

שמיק אונ ניט וויניק אליינ געזעג מיט די אויגנ. ס'איז אים געוועג
קאלעמוטנע אפנ הארצג, נאר ער האט עס ניט ארויסגעוויזנ.

אינ די לעצטע שאעג האט זיכ פארשפרייט א קלאנג, אז די יידנ
געמט מענ צונויפ, קעדיי אריבערווארפנ זיי איבערנ פראנט. זאלנ
זיי, הייסט עס, גיינ צו זייערע געליבטע באלשעוויקעס, אבי
אפריייניקנ פונ זיכ די שטאט. אזוי זאל זיכ האבנ אויסגעדריקט עפעס א דייטש
אינ עפעס א הויפ. צווישנ אוילעמ האט זיכ אנגעהויבנ א צעמישע=
ניש. מע האט ניט געוווסט, וואס גלייכער איז: בלייבנ זיצנ אינ די
הייזער, באהאלטנ זיכ ערגעצ, אנטלויפנ אייגציקווייז, צי גיינ אינ
קוועך. אויסגעמאטערט פונ קעסיידערדיקער ווארטעניש אפ אומגליק,
האט מענ אינ דעמ באפעל געזעג עפעס א לייזונג, א סאפ. די הער=
צער האבנ געצאפלט צווישנ האפענונג אונ שרעק.

באקאנטע אונ זייטיקע זיינעג פארבייגעייענדיק צוגעלאפנ אפ א
רעגעלע צו מארקום האלפערנ פרעגנ, צולייגנ אנ אויער, הערנ, וואס
וועט ער זאגנ. מענטשנ זיינענ געוועג ווי אינ פיבער. ער האט גע=
קנייטשט די אקסלענ:

— איכ ווייס גארניט. גיינ מוז מענ, ווייטער וועט מענ זענ.

איבעריקע צעטראגנקייט איז אים געוועג דערווידער. ער האט זיכ
באמיט בלייבנ געלאסנ, ניט פארלירנ זיינ גלייכגעוויכט.

* * *

נאכמענ סעגאל איז געגאנגענ מיט סימענ, זיינ מעכוטענעסטע. אינ
שטאט, באמ עלטערנ דאר באזונדערס, האט ער געהייסנ רעב נאכ=
מענ. דאס איז געוועג אנ אלטער מאנ מיט א הויכנ שטערנ, מיט א
שיינער גרויער בארד, אינ וועלכער ס'זיינענ נאכ געוועג צעשאטנ דינע
פאסמעלעכ רויטע האר. זיינ היפש פאנעמ האט אויסגעדריקט נעדאנק
אונ פריינטלעכקייט. א ייד, וואס האט געטריי אפגעהיט אלע געבאטנ,
האט ער קיינמאל ניט געמאנט קיינ פרומקייט ניט פונ די קינדער,
ניט פונ וועמענ=ניט=איז אונ וועגנ גאט ביכלאל ניט ליב געהאט צו
ריידנ, פאר זיכ איבערצייגט, אז א. גאט איז סייוויסיי פאראנ אונ
מיט זיינ קויעכ האלט זיכ אלצדינג, עלע וואס דענ, ס'איז אזא צייט,
אז מענטשנ זעענ עס ניט, וואס זשע איז דא וועגנ דעמ צו ריידנ?
שטענדיק איז ער מיט עפעס געוועג פארנומענ. אויב ער האט ניט
אריינגעקוקט אינ א סייפער, האט ער געטאנ עפעס אינ שטוב. אונ
צו אלצ האט ער געטויגט: איינהייצנ דעמ אויוונ, איינבינדנ א בוכ,
פאריכטנ די עלעקטרע. אלצ געטאנ זויבער אונ שטיל. שטענדיק האט
ער עמעצנ צוגעהאלפנ: דער שנור, די אייניקלעכ, א צופעליקער ברוי
אפ דער גאס. דאס איז געוועג א לעבעדיקער קוואל פונ גוטסקייט אונ
צוגעלאזטקייט צו מענטשנ.

אז די מעכוטענעסטע איז מיט א פאר יאר צוריק אריבער צו די
קינדער, בא וועלכע ער האט שוינ פונ פריער געלעבט, האט ער גע=
נומענ אפ זיכ די זארג וועגנ איר, זי איז געוועג א טויבלעכע. ריידנ
מיט איר האט ניט אימלעכער געהאט געדולד, ער איינער האט עס
פארשטאנענ צו טאנ ניט זייער הויכ, אונ זי זאל אים פונדעסטוועגנ
הערנ. א גרויסע, א שווער=לייביקע, מיט שוואכע פיס, זיצט זי מיינ=

כמנס, צירעוועט א זאָק, און ער טראָגט איר צו א גלאָז טיי, דערלאנגט צו דער האנט דאָס קנײַלכל, טאָמער פאלט עס אראָפּ, גייט ארויס אײַנקויפן. פון דער גאס ברענגט ער אָפּט א נאשערײַ, א זיס און א ווייכס, אז זי זאָל קאָנען צעקײַען. פאר זיך און פאר איר האָט ער געקאָכט קאָשערס אין א באזונדער טעפּעלע. ער קאָכט און טראָגט איר צו פארזוכן, צי איז אלץ אינעם געקעכץ, ווי זי גוסטירט. נאָכדעם וואשט זי זיצנדיק די קיילים, און ער שטייענדיק ווישט זיי.

איצט האָט ער באגלייט די מעכוטענעסטע אפן זאמל-פונקט. זי האָט לאנגזאם געשטעלט א טראָט נאָך א טראָט. ער האָט זי אונטערגעהאלטן בײַ יעדן שווערן איבערגאנג, און זײַן פּאָנעם האָט זיך געקנייטשט פון מיטלייד.

— וווהין פירט איר מיך? — האָט זי פלוצעם א פרעג געטאָן.

ער האָט אָנגערופן דאָס אָרט. אָפּגעזונדערט, פארטאָן אין זיך, איז זי געגאנגען ווײַטער, ערשט נאָך א לאנגן שווײַגן געלאָזט הערן א קאָל:

— וואָס ווילן זיי פון אונדז?

— ווער ווייסט...

ווידער האָט זי א גאנצן קווארטאל ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. אָנגעשטרענגט פונעם גאנג, געקוקט פאר זיך, קיין בליק ניט געטאָן אין א זײַט, אפילו צו איר באגלייטער דאָס פּאָנעם ניט אויסגעקערעוועט.

מיטאמאָל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט.

— ווײַטער גיי איך ניט. — האָט זי געמאָלדן.

— וואזוי זשע...

— איך גיי ניט ווײַטער, — האָט זי איבערגעכאזערט, זי האָט אקשאָנעסדיק אָנגעבויגן דעם קארק און מער קיין טראָט ניט געוואָלט מאכן.

ער האָט פאר אומבאהאָלפנקײַט א שאר געטאָן מיט דער האנט איבער דער באָרד, אפּ א רעגע צוגעמאכט די אויגן, געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט געוווסט, געזען, פארוואָס זי שפּארט זיך אײַן, ווי א רינד, וואָס מע שלעפּט זי פאר א האָרן, און, צורוקנדיק דאָס מויל צו איר אויער, טרויעריק זי אײַנגערעדט:

— און אין דער היים וואָס וועט זײַן? זיי קאָנען דען ניט קומען און טאָן, וואָס זיי ווילן? ס'איז דאָך לעם דין וועלעם דאיען: דאָ, אינײנעם מיט א שטאָט יידן... וואָס ס'וועט זײַן מיט אלעמען, וועט זײַן מיט אונדז.

זי האָט אויסגעהערט, געטראכט א ווײַלע און אוועק ווײַטער.

* * *

מאטעס דער נאכט-וועכטער האָט געהאט מיט דער וועלט אלטע כעזשבוינעס. א זון, א באָכערל פון א יאָר זעכצן, איז אין בירגערקריג אוועק מיט די באָלשעוויקעס, און מער האָט מען פון אים ניט געהערט. נאָך א ייִנגל איז געפאלן אין טיפוס. די איינציקע טאָכטער האָבן באנדיטן געשענדעט בײַם א פּאָגראָם. די עלטערן האָבן זי אָפּגעשיקט צו א קאָרעוו אין דער גרויסער שטאָט. דאָרט איז זי אין

איינ שטילנ אָוונט ארויס אפנ באַלקאָנ, זיכ איבערגעבויגנ אונ אראָפּ — פונ זעקסטנ שטאָק אפנ שטיינערנעם טראָטואר. קיינעם קיינ געזעגנוואָרט ניט געזאָגט, קיינ בריוול ניט איבערגעלאָזט. דאָס ווײַב, די מוטער פונ די קינדער, האָט דענסטמאָל אופגעהערט קאָכנ אונ אופגעהערט עסנ, אופגעהערט ראַמענ אונ וואַשנ, אַזוי זיכ אָפּגעמוטשעט א צײַט אונ אוועקגעשטאָרבנ. דאנ האָט מאטעס פארקויפט די קוזניע — ער איז געווענ א שמיד, פארטאכלעוועט דאָס ביסל באַלעבאַטישקײַט — „סײַווי איז עס א גרוב, ניט קיינ שטוב“ — פארשאָלטנ דאָס שטעטל, ווו ער האָט א לעבנ אָפּגעלעבט: „ברענט עס ליכטיק!“ אונ איז אוועק אינ דער פרעמד, געמאַטערט זיכ, געוואַלגערט זיכ אונ אפילע ניט געזוכט קיינ בעסערס.

א שאָכנ צי א קאָרעוו זעט אמאָל זײַנ פינצטערנ ווינקל, דעם קוימיקנ געלעגער אונ פרעגט:

— וואָס איז עס פאר א לעבנ?

מאכט ער אוועק מיט דער האנט.

— עלעהיי אפ א וואָקזאַל. ביז דער פּאָיעזד וועט קומענ.

נאָר דער טויט איז צו מאטעסנ אלץ ניט געקומענ; ער האָט אײַנגעבראָכנ, ווי א שטורעם, אלע זײַנע נאָענטע, אונ אימ, מאטעסנ, איבערגעלאָזט — זאָל ער דארנ. די ניט געשווירענע באָרד זײַנע, די געדיכטע ברעמענ זײַנענ געווענ שטויביק־בלאָנד, ווי פארפּאָראָשעט נאָכ א לאנגנ וועג, אָנ איינ ווײַס פעדעמל. מיט מענטשנ האָט ער איצט ווייניק געהאט צו טאָנ — באַטאָג געשלאָפנ, באנאכט אפ דער וואכ. שטענדיק האָט ער מיט זיכ געטראָגנ דעם טילים, אונ ווו ס'איז נאָר מעגלעכ געווענ: הינטער דער גלעזערנער טיר פונעם מאגאזינ, וואָס ער האָט געהיט, אינ דרויסנ בײַ דער שײַנ פונעם לאמטערנ, האָט ער אימ געעפנט אונ גענומענ זאָגנ, געשאָקלט זיכ אונ געזשומעט שטיל מיט אנ איינטאָניקנ אומענדלעכנ מידבער־ניגונ.

— איר זעט דאָכ ניט די וועלט! — טײַנעט אמאָל איינ מיט אימ א גוטער־פרײַנט.

ענטפערט ער בייז:

— איכ האָב זי שוינ געזענ. אפ איר דארפ מענ א גוטנ רעגנ פונ שוועבל אונ פעכ, ווי אפ סדאָמ.

פונ ווייטעק אונ עלנט איז ער פארטעמפּט אונ פארווילדעוועט געוואָרנ, קיינ מענטשנ גלײַכ אינ פּאָנעמ ניט געקוקט, אפילע צו א קינד ניט געשמייכלט, טעגווײַז געשוויגנ, ווי א שטיינ. עמעצער פּרווט אימ אמאָל מילדערנ מיט א גוט וואָרט:

— איר האָט שווער געליטנ, וואָס איז דאָ צו ריידנ. נאָר די באַנדיטנ ליגנ דאָכ שוינ נײַנ איילנ אינ דער ערד, אונ אלצ אינייִנעמ, מוזט איר מוידע זײַנ, איז ניט דאָס, וואָס אמאָל. אנ אנדער לעבנ, אנדערע מענטשנ.

— נו, יאָ, — ענטפערט ער. — ס'איז געקומענ דער שטעקנ אונ געשלאָגנ דעם הונט, וואָס האָט געביסנ די קאַצ, וואָס האָט אופגעגעסנ דאָס ציגעלע. אונ וואָס וועט ווײַטער זײַנ?

אונ וועגנ דעם מענטשנ וויל ער אפילע ניט הערנ.

— איכ ווייס, איכ קענ אימ, לאָזט אימ ארויס אפּ א ווײַלע פונ צײַמל, וועט ער אײַכ ווײַזנ וואָס ער איז, אָט האָט איר. דאָכ שוינ דעמ דײַטש — שוינ מיט עלעקטרישע מאשינעס, מיט ברייטע הויזנ אינ זאָקנ, איז וואָס פארא נעוואָלעס אונ רעציכעס טוט ער ניט אָפּ? שענער ווי ניקאָלײַקעס פּאָגראָמשטשיקעס. ניינ, מיט מיר רעדט ניט וועגנ מענטשנ. איכ האָב אימ געזענ, גענוג פאר מיר.

אויכ איצט צומ סקווער איז ער געגאַנגענ אנ אָפּגעזונדערטער, ניט אומקוקנדיק זיכ אפּ קיינעמ, צו אלצ אונ אלעמענ פרעמד.

* *
*

ס'זײַנענ געגאַנגענ פּײַטל אונ שמײַע. ביידע איינ הייכ, ווי אָפּגעמאָסטנ אונ צוגעשניטנ, ביידע מיט שפּיציק-פארשווירענע ווײַסע בערדלעכ אונ אָפּגעלייגטע ווייכע קעלנערלעכ, האָבנ זיי פונוווײַטנ אויסגעזענ, ווי א צווילינג. אומעטומ האָט מענ זיי געזענ צוזאמענ: אינ גאַס, אינ סאָד, אינ באָד, אפּ אָוונטנ אונ פארזאמלונגענ, וווהינ זיי האָבנ ליב געהאט קומענ די ערשטע אונ פארנעמענ אנ אָרט אינ דער פאָדערשטער ריי. נידעריטשקע אונ נאָכ א קאפּעלע אײַנגעהויקערטע דערצו, שטעלנ זיי קליינע טריטעלעכ, זעצנ זיכ אָפּט אָפּרוענ, אונ שטענדיק שמועסנ זיי וועגנ עפּעס שטארק צופרידנ. דאָס ריידנ זיי וועגנ די קינדער זייערע, דאָקטוירימ, אינזשעניערנ, וואָס שיקנ געלט די עלטערנ אונ שרײַבנ גוטע בריוו.

— מײַנער האָט א פּרעמיע באַקומענ, אומזיסט גיט מענ ניט אזעלכע זאַכנ.

— וועגנ מײַנעמ האָט מענ געשריבנ אינ די גאַזעטנ. אונ מ'וועט אימ נאָכ געבנ אנ אָרדענ אויכ.

— האָסט זיכ אמאָל אפּ אזוינס געריכט, הא, פּײַטל?

— אונ דו, שמײַע?

אזוי קלײַבט מענ נאַכעס פונ די קינדער, פונ דער צײַט אונ פונ דער אייגענער זאָרגלאָזער עלטער, אונ דערבײַ דערמאָנט מענ זיכ, וואָס אמאָל איז געווענ.

אמאָל איז מענ געווענ שכײנימ, א הויז קעגנ א הויז, אונ ביידע — שנײַדער; איינער דעמ אנדערנ — אפּ צעפּוקעניש. קוקט מענ דורכ די פענצטער אונ כּמע פארגינט ניט, ווענ מע זעט, א קונד טראָגט צומ שאָכנ איבערגיצעווענ א פּאָר הויזנ. די אלטע דערמאָנענ זיכ, ווי דאָס האָט אויסגעזענ, אונ כויזעקנ:

— איטלעכנ דאַכט זיכ, בא יענעמ לײַכט זיכ.

— ס'איז געווענ שוינ איינמאָל ליכטיק.

— נייסט אונ נייסט א גאַנצע וואָכ, נייסט אויס א גילדנ מיט א לאָכ.

— איבערהויפּט די ווײַבער. א קאָמעדיע. געדענקסט, ווי מע האָט זיכ געבלאָזנ? אונ ווי מע האָט זיכ געבוציקעט?

— וואָרענ, איכ געדענק ניט? מײַנ הוואָסיע מיט דײַנ ריווענ.

זיי מאַכנ איבער, ווי די ווײַבער פלעגנ וואָרפנ שטעכווערטער אונ ווינטשעניש איינע דער אנדערער, אונ זיי לאַכנ, ס'איז זיי גוט אפּנ הארצנ.

— אָבער זאָג דעמ עמעס, האָסט זענ געקלערט, די וועלט זאָל זיכ אזוי א דריי טאָן, הא, שמײַע?

— אונ דיר, פּײַטל, האָט זיכ עס אמאָל געכאָלעמט?

אפּ די אָוונטנ פונ זעלבסטשטעטיקײַט אינ אינוואלידנ־הויז נעמענ זיי אָנטייל מיט א ברייטער פּראָגראמ פּאָלקס־לידער. אפּ דער סצענע גייענ ארויס ביידע פּאראמאָל. איינער ווערט מיד, פּארבײַט אימ דער צווייטער. די שנײַדערשע טענאָר־שטימעלעכ סקריפּענ אונטער פּאר אלטקײַט, נאָר עפּעס האָבנ זיי נאָכ אָפּגעשפּאָרט פונ דער אמאָליקער זיסקײַט. די זינגער האָבנ, קענטיק, אליינ שטארק האנאָע, אונ ס'איז גאָר ניט אזוי גרינג פּויעלנ, זיי זאָלנ אראָפּ פונ דער סצענע. אלנפאלס מוזנ זיי צום שלום אויסזינגענ זייער דועט. איינער פרעגט, כימרע פּארהייבנדיק די קנייטשנ אפּנ שטערנ אונ האלטנדיק א פינגער פּאר דער נאָז:

— וואָס איז העכער פונ־ונ א הויז?

אונ וואָס איז פלינקער פונ־ונ א מויז?

מיט דער צווייטער א שאר מיטנ פיסל, ווי א האָנ, אונ א שטעק מיטנ טײַטנ־פינגער פּאָרויס:

— דו נארישער באָכער, נארישער טראָפּ,

האָסט ניט קיינ סייכל אינ דײַנ קאָפּ.

דער קוימענ איז העכער פונ־ונעמ הויז,

די קאצ איז פלינקער פונ־ונ דער מויז.

איצט, ווי שטענדיק, האָבנ זיי זיכ געהאלטנ איינער לעבנ דעמ אנדערנ, ציכטיקע, פריש צוגעשוירענע, נאָר פּאר אומרו אָפּט איבער־געפּרענט:

— וווּהינ דארפּ מענ גיינ — אינ נײַעמ סקווער? קעגנ וואָקזאל? א? נו, יאָ...

פונקט ווי דער אהרעם וואָלט זיכ עפּעס ניט לייגנ אפּנ סייכל.

* *
*

בערטשיק דער שוסטער, א קאליקע אפּ קורצע לעדער־באשלאָגענע קלעצלעכ אָנשטאָט פיס, האָט זיכ באוועגט כידעשדיק שנעל, אלעמאָל איבערגעיאָגט עמעצנ פונ די געזונטע, ווי ער וואָלט מיט זיי געגאנגענ אינ געוועט. באגלייט האָט אימ קייליע זײַנ ווײַב. א גרויסע, ווי א טורעמ, א שווארצע, מיט שווארצע קאסאָקע אויגנ, שפּאנט זי לעבנ אימ, ווי א גווארדיאנ, אונ ווארפּט בליקנ פײַער אינ אלע זײַטנ, גרייט אינ יעדער רעגע אויסדרונערנ:

— יאָ, דאָס בינ איכ מיט מײַנ מאנ! האלט זיכ אײַנ, איר זאָלט זיכ ניט באלאכנ. ער געפעלט אײַכ, עפּשער, ניט? דערפאר לייג איכ זיכ מיט אימ שלאָפנ אָנ א גראָשנ אונ שטיי אופּ מיט א פינפּערל, וואָסי, ער האָט פּארטאָג שוינ פּאריכט עמעצנ א פּאָר שיכ. לאָמיכ הערנ, ווי־אזוי מאכנ עס אײַערע מענער מ י ט די פיס?

אונ נאָכ פלעגט זי אָפּט זאָגנ:

— איכ בינ א ראבאָטשע מענטש. איכ האָב ליב אלצ מיט ברויט. באָרשטש — מיט ברויט. סאָוועטסקע וולאסט — מיט ברויט, א מאנ — מיט ברויט. ברויט האָב איכ בא אימ צו זאט, מענ איכ זײַנ צופרידנ,

אונ זײַנע פּיס וואָלט איכ דאַפּקע געגאַנגענ מאָנענ בא ניקאָלקענ, וואָס האָט זיי אופּגעגעסנ נאָכ בײַם יענער מילכאָמע, איז שוינ די פּירמע קיינ פּירמע ניט.

פונ בערטשיקנ האָט מענ זעלטנ געהערט א וואָרט. זײַנ זאַכ איז געווענ אַרבעטנ. די אַרבעט האָט געברענט בא אים אינ די הענט. אויכ איצט אַפּ דער גאַס האָט ער זיכ באַוועגט מיטנ גאַנצנ אימפּעט, געזופּט די ערד, קיילע ווידער האָט אויסגעזען פֿאַרטראַכט. קאָס אונ פּאַרלוירנקײַט האָבנ זיכ אַפּ איר פּאָנעם געמינעט.

* *
*

דער פּערצנ-יאָריקער פּאַלעק בערמאַנ האָט זיכ ניט געקאָנט מויכל זײַנ, וואָס ער איז געבליבנ אינ שטאָט. פונוואַנעט האָט ער געזענ גרוניענ, ווי זי גייט מיט איר מוטער, אונ די גאָלדענע קוטשערלעכ שײַנענ, ווי א קליינינקע פּאָנ.

ווינטער, אינ א זאַווערוכעדיקנ אָוונט, האָבנ זיי, קומענדיק פונ ערגעץ, זיכ באַגעגנט פּאַרנ אַרײַנגאַנג. ס'האָט געווייעט אונ געוואָיעט, אינ הויפּ איז קיינ לעבעדיקער נעפּעש ניט געווענ. זיי זײַנענ געשטאַנענ אינ שאָטנ פונ טויער, דער ווינט האָט זיי דורכגענומענ, אונ זיי האָבנ, לײַכט ציטערנדיק, געשמייכלט פונ פּאַרגעניגנ.

— מיר איז קיינ קאַפּעלע ניט קאַלט, — האָט זי געזאָגט.

— איכ קאָנ אינ אָט דער זאַווערוכע אומגיינ כאָטש א גאַנצע נאַכט. — האָט ער זיכ אונטערגענומענ.

— אי — א — או — או... — האָט זי לוסטיק איבערגעקרימט דעמ ווינט.

— או-או-הי-י-י... — האָט ער זיכ פּריילעכ אָפּגערופּנ.

דערנאָכ האָבנ זיי זיכ אָנגענומענ פּאַר די הענט, געשטאַנענ, געשוויגנ, געהערט, ביז זי האָט אויסגעשעפּטשעט:

— מע דאַרפּ שוינ גיינ אהיימ.

איצט, גייענדיק צומ סקווער, האָט זי מוירע געהאַט שיקנ א בליק אינ זײַנ זײַט, פּאַר מוירע זיכ געהויקערט, געטראָגנ דעמ גופּ מיט ווידערווילנ, ווי אַנ אָנגעבונדענע געפּערלעכע לאַסט, וואָס מע ווייסט ניט, וויאַזוי דערפונ פּאָטער צו ווערנ, ווו-היג עס אונטערוואַרפּנ.

נייג, ער האָט ניט געטאָרט בלײַבנ אינ שטאָט, געדאַרפּט נעמענ גרוניענ אונ אַוועק מיט איר — צופּוס, דורכ פּײַער אונ פּלאַמ, זיכ דורכרײַסנ! קריגנ ערגעץ א ביקס, א רעוואָלווער. אָ, ער וואָלט שוינ ניט דערלאָזט, מע זאָל איר שלעכטס טאָנ. אינ ערגסטנ פּאַל וואָלט ער פּריִער זי דערשאָסנ, נאָכדעמ זיכ... געוויס אַזוי, בא לעצט-ברײַרע!

איצט, אָנ געווער, בא די סאָנימ אינ די הענט, איז, פּאַרשטייט זיכ, ניט גוט. דאָכ אינ סקווער, צי שפּעטער אינ וועג, אויב מע שיקט זיי, וווהינ מע שמועסט, וועט ער זיכ פּרווונ, עפּשער וועט נאָכ מענעלעכ זײַנ עפּעס אופּטאָנ. אלײנ וועט ער זי ניט לאָזנ, וואָס ס'זאָל ניט געשענ...

אינ א שטילער גאַס איז ער צו איר צוגעגאַנגענ:

— איכ דאַרפּ דיר עפּעס זאָגנ, — האָט ער איר אינ אויער אַרײַנגערעדט. — לאָמיר זיכ ערגעץ באַהאַלטנ. דו ווילסט?

— ווו? און נאָכדעם? וואָס וועט נאָכדעם זיינ?
— באנאכט וועלנ מיר אנטלויפנ.
— מע וועט אונדז כאפּנ.
— עכ, ווענ איכ האָב א פּאָר גראנאטעס!..
— שש... דייטשנ. זיי קוקנ אפ אונדז.
— מיר זיינענ דאָכ פונ איינ הויפ, נארעלע.

א שמייכל, צום ערשטנ מאָל אינ אָט דעם טאָג, איז דורכגעלאָפנ איבער איר דערשראָקנ פּאָנעם, אופגעשטראלט מיט פרימאָרגנדיקער זונ, מיט יונגער פרייד און גלייכ פארשוונדנ. דעם יונגל איז דאָס הארצ פארצאפּלט געוואָרנ פאר גליק און וויי.

— עפּעס וועל איכ פונדעסטוועגנ צוטראכטנ, — האָט ער זי געטרייסט, — באלד נאָכנ סקווער איז דאָ א ריוו... גיי ניט אוועק וויט. היינט דארפנ מיר זיינ צוזאמענ.

* *
*

אינ גאס האָט זיכ באוויזנ ניט קיינ הויכע פולבלעכע יידענע מיט א מאנצבלשנ שירעמ אינ דער האנט. צווישנ אוילעמ האָט זיכ דורכגעטראָגנ:

— די מוטער ראָכל גייט.

אזוי האָט געהייסנ אינ שטאָט די דאָקטערנ ראכיל איסאקאָוונע שאפּיראָ. גרויס און קליינ האָבנ זי געקענט.

זומער און הארבסט מיטנ שירעמ, ווינטער מיט א שטעקנ אינ דער האנט שפּאנט זי מיט איר בעריעש גענגל, און דורכ די פענצטער קוקט מענ אפ איר, אָנזאָגנדיק מיט ליבשאפט:

— די מוטער ראָכל גייט!

דאָס שפּאנט זי צו אירע כאלאָימ. — אינ רעגנ, אינ בלאָטע, אינ זאווערוכע, אָנגעטאָנ אבי־ווי. ס'איז ניט געווענ דער קווארטאל, דאָס הינטערגעסל, ווו מע זאָל זי ניט האָבנ באגעגנט. איניינעמ מיט דער שטאָט האָט זי איבערגעטראָגנ אלע קרענק און אונטערגענג אינ די צייטנ פונ בירגערקריג, הונגער און היימלאָזיקייט, געווענ אינ אלע צוזאמענוווינונגענ, געקראָכנ אינ אלע לעכער. געפאלנ אפ טיפוס, אופגעשטאנענ, אָנגעטאָנ א טיכל אפנ געגאָלטנ קאָפ און ווידער צו דער ארבעט. געבוירנ א קינד, צו־זיכ געקומענ און צוריק אפ איר פּאָסטנ.

אז זי האָט צום ערשטנ מאָל זיכ פארשאפט א ריכטיקנ פוטער, אונטערגעשלאָגנ מיט פיי און באליגט מיט א גוטנ קאָלנער, האָט די גאנצע שטאָט, באגעגנענדיק זי, צופרידנ געשמייכלט: „מע האָט דערלעבט, די מוטער ראָכל פארגינט זיכ שוינ אָנטאָנ עפּעס רעכטס — ס'א סימענ פונ דער צייט...‟ נאָר מיטנ פוטער, ווי אָנ דעמ פוטער, האָט זי איר גאנג ניט געענדערט, און מיט די יאָרנ האָט זיכ איר ברענ ניט געקילט, פארקערט, נאָכ אזוי ווי שטארקער און איינגעשפּארטער געוואָרנ.

אריינגעקומענ אינ א הויפ, אינ א שטוב, באמערקט זי גלייכ אלצ, וואָס 'סע טוט זיכ ארומ איר — ווו 'סע פעלט אוימ ריינקייט, ווו ס'איז פארלאָזט ווילגאָטש, ווו א קינד ווערט געהאלטנ ניט אינ אָרדענונג, ווו דער כוילע אליינ איז קיינ כוילע ניט, „מער צעקראָכנ, ווי צע-

בראָכנ", לויט איר ווערטל. פרוער פאר אלצ שרײַט זי אָנ, ניט נאָ־
קוקט, ווער די באלעבאטימ זאָלנ ניט זײַנ.

— אזעלכע מאמעס דארפ מענ שמײַסנ!

— אינ אזעלכע הײַזער ארײַנגיינ דארפ מענ אָנטאָנ א גאז־מאס־
קע.

— ווער סע מאכט זיכ, וועמענ סע דאכט זיכ, אונ ווער סע ליגט
אינ געהאקטע ווונדנ.

די אונ נאָכ אזוינע ווערטלעכ אירע זײַנענ אומגעגאנגענ פונ מויל
צו מויל. אפ דער מוטער ראָכל האָט מענ קיינ פאריבל ניט געהאט.

אליינ האָט זי קיינמאָל ניט געגעסנ צו דער צײַט, שטענדיק אונ־
טערגעהוסט אונ א סאכ געריייכערט. אונ טאָמער פלעג זי אנ אייגע־
נער צי א זײַטיקער פרײַנטלעכ פירהאלטנ: „וויאזוי קאָנ מענ יענעמ
שטעלנ פאָדערונגענ, ווענ מע ווײַזט אליינ אזא בײַשפיל?" איז דער
ענטפער געווענ:

— אפ מיר דארפ מענ ניט קוקנ, נאָר הערנ, וואָס איכ זאָג.

צו די מיטעלע יאָרנ האָט זי פארלאָרנ דעמ מאנ אונ ווײַטער
אליינ געבאָוועט אירע דרײַ קינדער. מיט זיי, ווי מיט אלעמענ, גע־
רעדט אָפטער באהארצט איידער ליבלעכ, נאָר באנאכט אופגעשטאנענ
זענ, ווי זיי שלאָפנ. קומענדיק אהיימ פונ דער ארבעט אָדער ארײַנ־
כאפנדיק זיכ באמטאָג אפ עטלעכע מינוט, האָט זי פרוער פאר אלצ
מיט א גיכנ בליק אָנגעקוקט אירע כעוורע, צי איז אפנ פאָנעמ בא
עמעצנ פונ זיי ניט אָנגעשריבנ א צערודערונג, א בראָכ, א פלעק. אונ
אָט איז זי געבליבנ איינגאנצנ אליינ — דער עלטערער, דער זונ —
אינ דער ארמיי, די מיידלעכ — אינ דער גרויסער שטאָט אינ אוני־
ווערסיטעט. ראכיל איסאקאָוונע האָט אָנגעצויגנ אפ זיכ נאָכ מער
ארבעט, ווי שטענדיק. די לעצטע צײַט איז זי געווענ פארנומענ מיט
די אָנגעלאָפענע פונ די מערעוו־געגנטנ, געזאָלט אוועקפאָרנ מיט א
לעצטנ עשעלאָנ, נאָר ניט זי, ניט דער עשעלאָנ זײַנענ שוינ פונ שטאָט
ניט ארויס.

— באשערט אײַכ בלײַבנ מיט אײַערע פאציענטנ ביזנ סאָפ. —
האָט עמעצער געזאָגט.

ראכיל איסאקאָוונע האָט זיכ איצט צוגעקוקט, ווער סע גייט:
אלטווארג אונ בראָכווארג, ווײַבער מיט קינדער, נאָר אלצ אזעלכע
היימישע פּענעמער. זי איז געווענ בא אָט די אלע מענטשנ אינ די
הײַזער, געקענט איטלעכנ באמ נאָמענ, געוווּסט זייערע באהאלטענע
ווייטעקנ, געדענקט דעמ קלאָפּ פונ זייערע הערצער. פאר איר האָבנ
זיי אויסדערציילט זייערע צאר אונ זייערע פריידנ. פאר איר זײַנענ
דורכגעגאנגענ זייערע ליבעס, כאַסענעס אונ געטנ. זי האָט זיי געזענ
אינ געפאלנקײַט אונ געזונט, ווי זיי זײַנענ אופגעריכט געוואָרנ, אָנגע־
הויבנ א פאָנעמ צו באקומענ. איצט גייענ זיי צעבראָכענע, אומבא־
שיצטע, פארלוירענע, אונ זי קאָנ פאר זיי גאָרניט טאָנ.

א מוטער האָט געטראָגנ אפ די אָרעמס א קינד מיט אנ אײַנגע־
קוטעט קעפל, האָט ראכיל איסאקאָוונע זי פירגעהאלטנ, ווי געוויינ־
לעכ, מיט א בייזער:

— צו וואָס פּאַרעט איר עס? אינ דרויסנ איז גענוג וואַרעמ. נעמט אַראָפּ דאָס טיכל!

א פרוי האָט פאַרבײַגייענדיק אָנגעוויזנ דער דאָקטערנ אַפנ גע־ווינערנ־הויז:

— אָט דאָ בינ איכ געלעגנ געוואָרנ מיט מײַנ לענאָטשקענ...

* * *

אנ איידע האָט אָפּגעטראָגנ אירע לעבנס צו די מערדער אינ די הענט. ס'זײַנענ געגאַנגענ די אַלטגעזעסענע פונ דער שטאָט, די, וואָס האָבנ זי באַפּעלקערט אונ געבויט.

מענאַשע דער וואַסערלייטער האָט געקענט דעמ אונטערערד פונ דער שטאָט, די באַהאַלטענע וועגנ פונ אַלע אירע טרויבנ. ער האָט זיי דורכגעלייגט אונ ער האָט זיי רעמאָנטירט אינ פאַרלויפ פונ יאָרנ. איצט, שפּאַנענדיק איבער דער גאַס, האָט ער זיי אינ געדאַנק געזעגנ, זיכ פאָרגעשטעלט זייערע גענג דורכ דער טונקעלער טיפ, געשפּירט זיי אונטער זײַנע טריט, זיכ געזעגנט מיט זיי.

בונעמ דער מאַליער האָט אַלצ געהויבנ די אויגנ, געקוקט אַפ די הײַזער, אָפט אויסגעשטעלט א פינגער אונ געוויזנ: אָ, זאָל מענ זעֹנ — זײַנ אַרבעט. דעמ אויספירקאָמ, דעמ קלוב, די מיטלשול, די שענסטע פּאַסאַדנ אונ דעכער האָט ער דאָ געפּאַרבט, ער מיט זײַנ אַרטעל.

ס'איז געגאַנגענ דער עלטסטער אויוונ־מוליער פונ דער שטאָט. זײַנע אויוונס האָבנ געשעמט אינ דער געגנט. די „קאַלמענ־כאָנקעס" האָבנ זיי געהייסנ — נאָכנ נאָמענ פונעמ מײַסטער.

פרויענ, וואָס דאַרפנ אינגיכנ ווערנ מאַמעס, האָבנ געשטעלט אָפּ־געהיטע טריט. זייערע אויגנ, האָט געדאַכט, הערנ מער, ווי זיי זעענ, אונ זייערע אומבאַהאָלפענע הויכע בײַכער, האָט געדאַכט, פרעגנ:

— אונ מיט דעמ, וואָס מיר טראָגנ, ווי וועט זײַנ? מע דאַרפ עס שוינ ניט? ווו זשע באַהאַלט מענ עס, ווו טוט מענ עס אַהינ? סע לעבט דאָכ שוינ, סע רירט זיכ אונטערנ האַרצנ.

באַמ אַרײַנגאַנג אינ גאָרטנ איז געשטאַנענ א וואַכ. ווער ס'איז אַרײַנ, איז שוינ ניט אַרויס.

אַז מאַרקוס האַלפּערנ האָט זיכ דערנעענטערט מיט זײַנ ניט געײַלטנ טראָט, אונ מע האָט אימ אָפּ אָנגעשריִענ, ער זאָל זיכ רירנ גיכער, האָט ער מיט ווירדע אַרויסגענומענ דעמ זייגער אונ געוויזנ: ער קומט אָנ צו דער מינוט... דאָ איז עפּעס געשענ. עמעצער פונ די וואַכלײַט האָט א ריס געטאָנ פונ זײַנ האַנט דעמ זייגער אינאיינעמ מיטנ קייטל אונ מיט א שטיק וועסט אַזוי קונציק־שנעל, אַז באַמ אַלטנ האָט זיכ דאָס פּנעמ אויסגעצויגנ פאַר כידעש. ער האָט גע־וואָלט אַפּ עפּעס אַנ אויפנ אויסדריקנ זײַנ כידעש, געזוכט אינ זיקאָרנ די גײַטיקע דײַטשישע ווערטער, נאָר באַלד געכאַפּט אַזאַ שטויס מיט א שטיוול פונ הינטנ, אַז עטלעכע טריט איז ער געפלויגנ פונעמ אימ־פּעט, ביז ער האָט זיכ א קנאַק געטאָנ אָנ דער ערד. ער האָט זיכ קוימ אופגעהויבנ, מער זיכ קיינ רעגע ניט פאַרהאַלטנ אַפ דעמ אָרט, גייענדיק, געווישט די צעקלאַפּטע דלאָניעס איינע אָנ דער אַנדערער אונ דערנאָכ אָפּגעשאַרט מיט זיי דעמ שטויב פונ די מאַלבושימ. דאָס

פונעמ איז אימ מיטאמאָל אָפּגעפאלנ, ווי נאָכ א שווערער קרענק, אונ אינ די אויגנ האָט זיכ געשטעלט א טרער פונ פּײַנ אונ פארדראָס פאר דער ניט פארדינטער באליידיקונג. א באקאנטער איז צוגעגאנגענ, געקוקט אפ דער אָפּגעריסענער וועסט.

— וואָס איז עס? — האָט ער געפרעגט.

די ליפּנ האָבנ באמ אלטנ געציטערט.

— קריִע, — האָט ער געענטפערט. — קריִע נאָכנ לײַטישנ דײַטש, בא וועלכנ איכ האָב אמאָל עפּעס געלערנט.

דער שטראָמ פונ די ארײַנגעקומענע אינ גאָרטנ האָט זיכ באוועגט מיט א שטרענג אײַנגעגרענעצטנ מארשרוט. טיפער אפ א ליידיקנ פּלאצ, וואָס האָט פריִער געדינט פאר קינדער-פארווײַלונגענ, האָט מענ לויט דער קאָמאנדע פונ די אָרדנער געמוזט אוועקלייגנ די פּעקלעכ אונ ווײַטער גייג מיט ליידיקע הענט.

— ווי זשע... — האָט אנ אנדערער באאומרויִקט געוואָלט געווירע ווערנ, — וויִאזוי וועט איטלעכער אינעמ אויסגעמיש נאָכדעמ געפינענ זײַנס? — נאָר מע האָט אימ באלד אָפּגעשלאָגנ דעמ כיישעק צו יעדער פרעגעניש. גראָבע אויסגעשרייענ, באגלייט מיט שמוציקער זידלערײַ, האָבנ געיאָגט גייג גיכער. אָפּשטעלנ זיכ איז פארווערט.

דער ווינקל, וווּהינ מע האָט די מענטשנ פארטריבנ, איז געלעגנ אינעמ קעגנאיבערדיקנ עק פונעמ גאָרטנ. א הויכער ברעטער-פּארקאנ האָט אימ פארשטעלט פונ די שטאָטישע געבײַענ, א צוימ פונ שטעכיקנ דראָט האָט אימ אָפּגעטיילט פונ א בוריאנ-פארוואקסענער פּוסטעניש. אָנגעהויבנ פונעמ דראָטענעמ צוימ אונ ווײַטער האָט זיכ פארשניטנ אינ דער פּוסטעניש ניט קיינ טיפער, גאנצ לאנגער ריוו.

הונדערטער זײַנענ שוינ אינ דעמ ווינקל געווענ פארזאמלט, אונ מע האָט נאָכ געהאלטנ אינ אָנקומענ. מע איז געזעסנ אפ דער ערד, מע איז געשטאנענ גרופּקעכווײַז, דערשראָקנ געטוליעט איינע צו די אנדערע די קעפּ.

דער געדאנק, אָנ וועלכנ א סאכ האָבנ זיכ לעכאטכילע אָנגעכאפּט, אז מע נעמט צונויפ די ייִדנ, כעדיי אריבערווארפנ זיי צו די באָלשעוויקעס, איז איצט, ווענ מע איז געווענ צוזאמענ, גיכ צעריבנ געוואָרנ.

— א פּראָוואָקאציע פאר נאראָנימ. — האָט עמעצער געשטעמפּלט דעמ קלאנג, אונ אלעמענ איז געווענ קלאָר, אז ער איז גערעכט.

— א פּראָסטער כעזשבנ. — האָט זיכ אָפּגערופנ אבע שאָסטאק, אונ זײַנע אויסגעבלאָכטע אויגנ האָבנ, ווי שטענדיק, אז ער האָט זיכ געקליבנ עפּעס זאָגנ, געמאכט א קלוימערשט טאמעוואטנ אָנשטעל. — ווענ זייער מיינ זאָל זײַנ נאָר באראבעווענ, איז דאָכ אינ די הײַזער געבליבנ מער, ווי מיר האָבנ געקאָנט ברענגענ צו טראָגנ, אונ זיי וועלנ סײַווײסײַ זיכ מוזנ מאטריעכ זײַנ אליינ קומענ אונ נעמענ. עלעוואָדענ, זיי האָבנ אונדז געוואָלט פארנארנ אהער, פרעגט זיכ ווידער — צוליב וואָס? אויב צוליב שיקנ אינ א קאָנצלאגער, וואָלטנ מיר דאָכ אוודע געדארפט האָבנ מיט זיכ דאָס ביסל זאכנ אונ עפּעס צומ קײַענ אינ וועג. סײַדנ סע ארט זיי ניט, מיר זאָלנ אויסגייג פונ הונגער...

אָט דער אבע שאָכמאַק איז געווענ א ייִד פונ א יאָר עטלעכע אונ פערציק. זײַנ לעבנ איז געווענ רײַבנ זיכ צווישנ מענטשנ, הערנ נײַס, זאָגנ א כאָכמע, דערציילנ אנ אנעקדאָט. איצט איז ער אלעמאָל צוגעגאנגענ צו עמעצנ, א ווײַלע גערעדט, זיכ צוגעהערט אונ אוועק צו אנ אַנדערנ, ניט געקאָנט אײַנשטיינ אפ אנ אָרט.

— איינס איז פונדעסטוועגנ גוט: פארשפּאָרסט ציטערנ, אז מע וועט בא דיר גאנווענענ די זאכנ, — האָט ער זיכ לוסטיק געמאכט.

ארומ מאטעס דעמ נאכט-וועכטער האָט ער זיכ ארומגעדרייט שוינ א היפּשע ווײַלע, באטראכט אימ פונ איינ זײַט, פונ דער אנדער זײַט. שאָסטאקס שווערער גופּ מיטנ קורצנ האלדז, זײַנ געגאָלטער גרויסער קאָפּ זײַנענ פול געווענ מיט אויסדרוק. ער האָט געלופּעט די אויגנ, געהויבנ די ברעמענ, אָנגעצויגנ די הויכע אייבערשטע ליפּ, אונ יענער האָט זיכ אפילע ניט אומגעקוקט.

מאטעס, וויפל מע האָט אימ ניט אײַנגערעדט, האָט ער גאָרניט געוואָלט מיטנעמענ, כוץ א שטיקל ברויט אונ דעמ סידער.

— איכ ווייס, וווהינ זיי פירנ אונדז, — האָט ער געענטפערט אפ אלע אײַנריידענישנ. — אינ יענעמ וועג דארפ מענ ניט האָבנ קיינ שומ זאכנ.

ער האָט נאָר אָנגעטאָנ א ריינע העמד, כאָטש ס'איז געווענ א מיטנוואָכעדיקער טאָג, אונ געווײנלעכ איז די צײַט פאר דעמ געווענ בא אימ אײַנגעשטעלט פרײַטיקצונאכט.

געקומענ אפנ אָרט, האָט ער זיכ מיט קיינעמ ניט ארײַנגעלאָזט אינ קיינ שמועסנ, ניט צוגעלייגט קיינ אויער צו קיינ רעדלעכ, זיכ אנידערגעזעצט אפ דער ערד מיטנ פּאָנעמ צומ פארקאנ, מיטנ רוקנ צומ אוילעמ אונ גענומענ זאָגנ טילימ.

ער איז געווענ א קנאפּער קענער אינ די קליינע אויסיעלעכ אונ אָפט גערנ זיכ ארײַנגעלאָזט אינ אונטערשטנ שטאָק, צומ היימישנ איוורע-טײַטש. איצט האָט ער עס ניט געטאָנ. די ווערטער, וואָס זייער אינהאלט איז אימ פונ פיל מאָל איבערכאזערנ שוינ געווענ באקאנט, האָבנ אימ אפילע געשטערט; וואָס אומפארשטענדלעכער די פּסוקימ, אלצ רויִקער האָט ער זיכ געפילט. דעריקער איז אימ געווענ גוט פונ-נעמ זיצנ מיטנ רוקנ צו אלצ אונ אלעמענ, די אויגנ פארגראָבנ אינ די פארגעלטע בלעטלעכ, פונעמ שאָקלענ זיכ אונ ברומענ איינטאָניק אָנ אויפהער.

„מיט פּלוכ איז פול זײַנ מויל, מיט נארערײַ אונ פאלשקײַט, אונ-טער זײַנ צונג — באטרוג אונ אומרעכט. ער טוט נאָר אונ זוכט, ווי אזוי צו הארגענענ דעמ אומשולדיקנ, אפנ אָרעמאנ לאָקערנ זײַנע אויגנ... ער טראכט אינ זײַנ הארצנ: גאָט האָט פארגעסנ, האָט פאר-באָרגנ זײַנ פּאָנעמ, וועט זיכ אייביק ניט אומקוקנ“...

מאטעס איז גאָרנישט געווענ זיכער, אז דער ראָשע נארט זיכ אינ זײַנ כעזשבנ אפ גאָטס גלײַכגילטיקײַט, נאָר אָנגעזאָפּט מיט וויי, ווי א שוואָמ, האָט ער ניט געוואָלט מערנ זײַנ וויי, ניט געוואָלט קלערנ וועגנ די זאכנ. איצט, מער ווי שטענדיק, האָט ער זיכ פארפעסטיקט אינ זײַנ אקשאָנעס אונ קאס. ער האָט געלעבט — ווי אפצולאָכעס איז צו אימ ניט צוגעשטאנענ קיינ שומ קרענק, נאָכנ טעמפּנ שלאָפּ אינעמ

פינצטערט ווינקל — אַלעמאָל ווידער אופגעוואַכט אַפ מאַטערניש און שטיינערנעם עלנט, ניט פרײַ צו מאַכנ א סאָפ דערצו, ניט באַוואָרנט, אַז נאָכ טויט וועט זיכ עס שטאַרק ענדערנ: אויב דאָ איז אַזוי, ווער ווייסט, ווי דאָרטנ וועט זײַנ... און אָט האָט דער סוינע פונ דעמ מענטשנס לעבנ, וועלכנ ער האָט זיכ שטענדיק זייער אומקלאָר אויסגעמאָלט, פלוצעמ באַקומענ קערפער און געשטאַלט און זיכ אַוועקגעשטעלט האַרט פאַר די אויגנ. ער איז גרויזאַמ און מעכטיק, און ניט אינ זײַנע, מאַטעסעס, קויכעס איז אימ אײַנצוברעכנ אָדער שלעכטס אימ טאָנ, נאָר ביטל אימ אַרויסווײַזנ דאָס קאָנ ער, דאָס פילט ער זיכ אימשטאַנד.

שאָסטאַקנ האָט ער באַמערקט, זיכ אָנגעשטויסנ, אַז עפעס וויל ער, נאָר זיכ געמאַכט ניט זעענדיק.

— רעב ייִד. — האָט אַבע שאָסטאַק ענדלעכ ניט אויסגעהאַלטנ, זיכ אָנגעבויגנ צו מאַטעסעס אויער און שטיל א פרעג געטאָנ: — פונ היטלערנ האָט איר געהערט?

מאַטעס האָט, ווי ער איז געזעסנ אַפ דער ערד מיטנ סידער אינ דער האַנט, א קערעווע אויס געטאָנ דאָס פאָנעמ, ווילד א בליצ געטאָנ מיט די אויגנ און, ווי ער וואָלט שוינ לאַנג געוואַרט אַפ דער געלעגנהײַט, קאָוואַליש אויסגעשריִענ:

— זאָל ער מיכ קושנ אינ...!

— ששש... — האָט אימ אַבע אײַנגענומענ. — ער וועט אײַכ ניט קושנ, וואוהינ איר זאָגט, ער וועט אײַכ גיכער אָפדרייענ דעמ קאָפ.

— נו, און וואָס נאָכ קענ ער מיר טאָנ? — האָט זיכ מאַטעס ניט געשטילט. — איכ שפײַ אַפ אימ. א שיינ פאָנעמ האָט ער בײַ מיר אינגיינעמ מיט זײַנ טוירע און זײַנ מעלוכע...

אַבע שאָסטאַק איז שוינ ניט גערנ געווענ, וואָס ער האָט זיכ מיט דעמ ייִדנ אָנגעהויבנ. ער האָט געכאַפט א קוק אַרומ זיכ, צי האָט ניט געהערט, ווער סע דאַרפ ניט, צי גיט מענ ניט אַכטונג פונ דער וואַכ, און אַפגיכ זיכ אָפגעטראָגנ פונ דעמ אומרויִקנ אָרט.

נאָר אומרויִק איז איצט געווענ אומעטום. דער קרײַז, ווו מע איז געווענ פאַרשפאַרט, איז אַנ ענגער. שאָסטאַק איז אימ שוינ דורכגעלאָפנ עטלעכע מאָל אינ אַלע מעגלעכע ריכטונגענ און ס'איז אימ אײַנגעפאַלנ, אַז עס טויג ניט אַזוי זיכ וואַרפנ אינ די אויגנ, ס'קאָנ אויסזענ פאַרדעכטיק. ער האָט זיכ געצוווּנגענ בלײַבנ שטיינ. געשטאַנענ א מינוט, האָט זיכ אימ גענומענ דאַכטנ, אַז ער איז העכער פאַר אַלעמענ, קענטיקער פאַר אַלעמענ, טיילט זיכ אויס מיט זײַנ פאָנעמ, מיט זײַנ אָנטאָנ. ווענ מע וועט נעמענ אָפקלײַבנ, וועט מענ אימ דעמ ערשטנ באַמערקנ און אָנטײַטלענ: „קומט נאָר אַהער, אײַכ מיינענ מיר"... ער האָט זיכ אַרײַנגעזעצט אינ דער מיט צווישנ עטלעכע שטייענדיקע גרופקעס, אַזוי אַנ אויסבאַהאַלטענער געזעסנ א ביסל, נאָר לאַנג ניט געקאָנט אײַנזיצנ. ס'האָט אימ געהויבנ. ער האָט געדאַרפט באַוועגונג, געדאַרפט ריידנ מיט מענטשנ.

ראַכיל איסאַקאָוונע איז צוגעגאַנגענ צו אימ, אָפגערופנ אינ א זײַט. איר פאָנעמ איז געווענ שטרענג.

— וואָס איז עס מיט אײַכ? — האָט זי געפרעגט.

— מע באמערקט דענ עפעס? — האָט ער אויסגעשעפּטשעט. — ראכיל איסאקאָוונע! — האָט באלד שאָפּטאַק אינ פארצווייפלונג אויסגערופנ. — איכ ווער מעשוגע פאר שרעק!

— מאָ נעמט זיכ אינ די הענט. פארגעסט ניט, אז איר געפינט זיכ צווישנ א מאסע. שרעק איז א קלעפיקע קרענק.

דער באיאָרטער שווערקערפּערדיקער מאַנצבל האָט פארביסנ א ליפּ, ווי א יינגל, וואָס פארשטייט זײַנ שולד אונ פלאַטערט פאר כאראָטע, ער האָט אָנגעכאַפּט דער דאָקטערנס האַנט אונ היימ צוגעדריקט.

— איכ וועל זיכ סטאַרענ, ראכיל איסאקאָוונע, איכ זאָג אײַכ צו. ווענ איר וואָלט וויסנ, ווי ׳שוואַכ איכ בינ!

— איז באהאַלט עס. ס׳איז דאָכ ניט שיינ. — האָט זי געזאָגט מיט פאַרדראָס, — קיינער האָט קיינ רעכט ניט אפ שוואַכקײַט אינ אזא ׳צײַט.

זי האָט ׳געצווייפלט, צי דער שמועס וועט עפּעס פּויעלנ, אונ איז אוועק אנ אומצופרידענע, בייזלעכ שטעקנדיק בא יעדנ טראָט מיטנ שירעם אינ דער ערד.

ראכיל איסאקאָוונע האָט זיכ צוריקגעקערט צו דער מישפּאָכע, מיט וועלכער זי ׳איז אינײנעם געזעסנ. א קינד האָט זי דאָרט צוגעצויגנ, א מיידעלע פונ א יאָר פיר. כאנעלע האָט עס גערייסנ. ראכיל איסאקאָוונע האָט עס דערזעג אינ גאָרטנ. גוט געוואקסנ, אינ דער מאָס געפּאַקט, איז עס געגאנגענ, געפירט פונ דער מוטער פאר א חענטל, נאָר געהאַלטנ זיכ גענוג זעלבשטענדיק, געשטעלט מונטערע שפּאָרעוודיקע טריטעלעכ, פּעסט אָנטאַפּנדיק מיט זײ די הארטע ערד פונ דער אלייע. ס׳האָט, קענטיק, האַנאָע געהאַט פּונעם גיינ אונ שטאָלצ געטראָגנ דאָס שיינע קעפּל מיטנ הויכנ ראָזעווע באַנט אינ די שווארצע זײַדענע האָר, צופרידנ, וואָס זי איז דאָ אינײנעם מיט אירע, אינײנעם ׳מיט אלע דערוואקסענע. ראכיל איסאקאָוונע איז שוינ ניט אָפּגעטראָטנ פונעם קינד, געגאנגענ בא דער זײַט, אָנגעקוקט עס, אונ די קניישנ פונ איר אָנגעכמורעט פּאָנעם זײַנענ זיכ ׳צערונענ אינ נאכעסדיקע שמייכלענ.

ראכיל איסאקאָוונע איז געווינט געווענ קעסיידער זײַנ טעטיק, באַווענג ׳זיכ דורכ שטענד אָנגעפילטער צײַט, ווו אלצ איז אָפּגעמאָסטנ אונ באשטימט, איז זי מיטאמאָל ארײַנגעפאלנ אינ א ליידיקײַט, ווו קיינ זאכ איז פונ דיר ניט געווענדט, ווו ס׳איז גאָרנישט ׳ניטאָ וואָס צו טאָנ, כוצ וואַרטנ אפ דעמ, וואָס מע ׳וועט טאָנ ׳מיט דיר. די אַרבעט איז געווענ איר היימ ניט ווייניקער, ווי די שטוב, ׳ווו זי האָט געווינט, אונ אָט איז זי אינגאנצנ אינ דרויסנ, אומבאשיצט־הויל. געווענ א ׳פּעקל אינ דער האַנט, האָט מענ עס אָפּגענומענ. גוט, וואָס מע האָט איבערגעלאָזט ׳דעמ שירעם — דאָכ עפּעס אנ אָנשפּאר... ס׳האָט גערופּעט נאָכ ערגעצ גיינ, עפּעס באזאָרגנ. פונ מאָל צו מאָל האָט זי זיכ אופגעחויבנ, צוגעגאנגענ צו עמעצנ, וואָס האָט אויסגעזענ ניט מיט אלעמענ, געטאַפּט דעמ פּולס, עפּעס נעייצעט אונ גלײַכ זיכ באטראַכט: ווער דארף עס? איבעריק... זי האָט זיכ געפילט שולדיק פאר די מענטשנ. „די מוטער ראָכל” היימ איכ בא זײ. א שיינע

מוטער, וואָס ווייסט ניט וויאַזוי צו העלפן אירע קינדער און בלאָנקעט אַליין אַרום, ווי אַ יעסוימע"...

סימע, נאַכמענס סעגאַלס מעכוטענעסטע, איז אַ צײַט געזעסן אויף דער ערד. ס'איז איר געווען אומבאַקוועם, האָט זי געקוקט אין אָנ־געדרודלטע פאַר זיך און געשוויגן. ענדלעך האָט זי זיך אַ ריגעווע געטאָן, שווער אופגעהויבן דעם פולן אומבאַהאָלפענעם גוף. אַ ווײַלע באַטראַכט דעם מעכוטן, ווי צו איבערצײַגן זיך, אַז ס'איז ווירקלעך דער, וואָס זי דאַרף, און מיט אַ שלעכט אָפגעמאָסטן קאָל, ווי סע טרעפט בײַ טויבע, זיך צעליאַרעמט:

— וווּהין ט'איר מיך געבראַכט? וואָס ט'איר מיך געשלעפט אַהער? נעמט מיך צו פונדאַנען!

באַלד האָט זי זיך געכאַפט און איז אַריבער אויף אַ הייזעריק שעפטשען:

— איך האָב מוירע. איך האָב מוירע... נעמט מיך צו פונדאַנען!

רעב נאַכמענס האָט זי געלאָזט זיך אויסריידן. די דלאָניע פון דער לינקער האַנט אַרופגעלייגט אויף דער באָרד, די אויגן צוגעמאַכט, ווי צו אַ טפילע בעלאַכאַש, האָט 'ער טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. ווען זי איז שטיל געוואָרן, האָט ער געזאָגט:

— מיר וועלן אַלע אַוועק, לאָזט מען ניט אַרויס.

פאַמעלעך האָט ער זי צוריק אײַנגעזעצט אויף דער ערד, אַראָפּ־גענומען פון זיך דעם לײַכטן האַרבסט־מאַנטל, צונויפגעלייגט און אונטערגעבעט, איר זאָל זײַן העכער צו זיצן, זיך נאָכגעפרעגט, צי ס'איז בעסער אַזוי.

אַז די מעכוטענעסטע האָט זיך באַרויקט און אָנגעהויבן אַפילע אונטערדרעמלען, האָט רעב נאַכמענס זיך אומגעקערט צום שמועס מיט די עלטערע מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען לעבן אים.

— איר האָט גערעדט וועגן קויעך — האָט ער אָנגעהויבן פון דעם, בײַ וואָס מע האָט, אַפּאָנעם, געהאַלטן. — אַ ווילדער כאַזער האָט אַוואַדע קויעך, צי, לאָמיר זאָגן, אַ טיגער. נו, איז וואָס? סאָפ־קאָלסאָף נעמען זיך צונויף די יעגער און טוען דער כײַע איר רעכט. עמעצער קויעך איז עפּעס אַנדערש. אונדזערע נעוויִים האָבן עס גאָר געוווּסט. „דיעלאָ נאַשע פּראַוואָיע, פּאָבעדאַ בודעט זאַ נאַמי" — דאָס זײַנען הייליקע ווערטער.

— דערווײַל זעען מיר, אַז 'ער שעכט און בלײַבט גערעכט.

— גערעכט? — האָט נאַכמענס סעגאַל דאָס קאָל אופגעהויבן. — גערעכטיקייט איז זײַן מאַלעכאַמאָוועס!

ער איז געשטאַנען אויף דער זון, האָט ער זיך דערלויבט אָפּדעקן דעם קאָפּ. ער האָט אָפּגעווישט מיט אַ טיכל דעם הויכן שטערן. זײַנע גוטע אויגן האָבן אויסגעזען עטוואָס פאַרלוירן. ער האָט גערעדט מער פאַר זיך, ווי פאַר די צוהערער. אַ ווײַלע געשוויגן, באַטראַכט, האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

— ווען מע פירט איינעם פון אײַך אַרײַן צו אַן אײַנגעשלאָפן קינד, און מע גיט אים אַ מעסער אין דער האַנט, און מע זאָגט אים — אַשטייגער, דער קייסער אַליין זאָגט: „הארגע דאָס קינד, קריג־סטו אַ מיליאָן!" וואָס קאָן, דאַכט זיך, זײַן אומבאַהאָלפענער פון

אנ אײַנגעשלאָפנ קינד אונ וואָס דארפ מענ א גרעסערע באוואָרעניש,
ווי דעם קייסערס וואָרט? נאָר אײַער האנט וועט זיכ ניט אופהייבנ
עס צו מאָנ ניט פאר א מיליאָנ, ניט פאר קיינ שום אוצרעס פונ
דער וועלט. מע קאָנ עס אָנרופנ שוואכקייט, אויב איר ווילט. א שיינע,
געבענטשטע שוואכקייט, דורכ איר איז דער מענטש דערהויבנ גע-
וואָרנ... הימלער האָט די זײַניקע פונ אָט דער שוואכקייט באפרײַט.
דער היטלעראָוועצ קאָנ הארגענענ אנ אײַנגעשלאָפנ קינד, ער זאָל נאָר
באוואָרנט זײַנ פונ שטראָפ. מע קאָנ עס אָנרופנ קויעכ, אויב
איר ווילט. סע פרעגט זיכ נאָר: וואָס בלײַבט דענסטמאָל פונ דעם
מענטשנ — די אינזשענעריע? נא... איכ מיינ, ווי לאנג קאָנ מענ
גיינ מיט אזא קויעכ? ביז מע קריגט ווי געהעריק איבערנ קאָפ. אונ
זיי וועלנ אימירצעשעם קריגנ, שוינ איינמאָל פאר אלעמאָל קריגנ!..
מיכ ארט עפעס אנדערס: ווי קומט עס, אז אָנשטענדיקע אומע, ווי
מע האָט גערעדט פונ די דײַטשנ, זאָל זיכ לאָזנ אפ אזא דערעכ?
אָט זע איכ די וואכ: יונגע לײַט, באלעבאטישע קינדער, ווײַזט אויס...
דאָס קאָנ איכ ניט פארשטיינ...

ראכיל איסאקאָוונע איז ניט אָפגעטראָטנ פונ כאנעלענ, זיכ גע-
טוליעט צום פרעמדנ קינד, געזוכט בא דעם אנ אָנהאלט אינ דער
שאָ פונ פארלוירנקייט. דער קליינער האָט זיכ פארגלוסט שפאצירנ.
זי האָט זיכ א צי געטאָנ צו דער פרײַער אלייע, וואָס האָט זיכ גע-
עפנט פאר די אויגנ צווישנ די יונגע קליאָנענ קעגנ דעם ווינקל, ווו
די מענטשנ זײַנענ צונויפגעטריבנ געוועזנ.

די קליאָנענ האָבנ געשײַנט מיט הארבסטיקע פארבנ, ווו געכאפט
פונ א ברוינעמ זשאווער-פלעק, פונ א לימענע-געלער פאסמע, ווו
ארויסגעשטעלט א רויטינק צווײַגל. פאר דער אלייע האָט א היטלע-
ראָוועצ געטאָפטשעט מיט די שטיוול א קלומבע, וואָס האָט געבליט
מיט סערפ אונ האמער... די דערוואקסענע האָבנ זיכ געמאכט ניט
הערנדיק, וואָס דאָס קינד באגערט, גענומענ פארקערעווענ אינ א זײַט,
נאָר די קליינע האָט זיכ ניט געלאָזט.

— איכ וויל אהינ — האָט זי געמאָנט. דאָ איז איר געווענ ענג.

— אהינ טאָר מענ ניט — האָט איר די מוטער פארטרויט. —
זעסט די, וואָס שטייענ דאָרט מיט ביקסנ? דאָס זײַנענ פאשיסטנ.

דאָס האָט כאנעלע באלד פארשטאנענ.

— זיי עסנ מענטשנ, יאָ? זיי וועלנ אונדז אופעסנ? — האָט זי
לעבהאפטיק זיכ אָפגערופנ, אונ אירע שטראלנדיקע אויגנ האָבנ זיכ
פארברייטערט פאר שרעק, נײַגער אונ פאנטאזיע-שפיל. זי האָט אויס-
געצויגנ דעם האלדז, אופגעהויבנ זיכ אפ די שפיץ-פינגער, געזוכט
ארײַנצוקוקנ די וואכ-לײַט אינ די פענעמער, אויסגעשטעלט א פיסל
אונ זיכ ניט באשלאָסנ מאכנ א באוועגונג ווײַטער, פעסט זיכ אָנגע-
האלטנ מיט די אויסגעצויגענע הענטלעכ פאר דער מוטער פונ איינ
זײַט אונ פאר דער דאָקטערנ פונ דער צווייטער. ס'איז איר געווענ,
ווי זי וואָלט פלוצעמ באגעגנט אפ דער וואָר דעם גרויענ וואָלפ פונ
דער מײַסע. אָט באלד וועט זי דערהערנ פונ זײַנ בויכ דאָס קאָל פונ
דער אײַנגעשלונגענער רויט-היטעלע. אוועקגייענדיק, האָט זי אלצ אויס-

געדרייט דאָס קעפּל אָפּ צוריק, צו אָט די שרעקלעכע מענטשן־ענלעכע באַשעפענישן, וואָס עסן מענטשן.
— מאמע, — האָט זי א פרעג געטאָן, — און פאַרוואָס האַרגעט מען זיי ניט?
— מע וועט זיי האַרגענען, מײַן קינד. — האָט די מוטער צו־געזאָגט.
פאַלעק איז אומגעגאַנגען אין דעם אָפּגעשלאָסענעם ווינקל, ווי א וועלפל אין א שטײַג, באַטראַכט דעם דראָטענעם צוים, צי איז ניט מעגלעך זיך דורכשמוגלען ערגעץ דורך א בלויז, אָפּגעמאָסטן מיטן בליק דעם ברעטער־פּאַרקן, עפּשער זיך ווי־ניט־איז אָפּ אים אַרופּ־כאַפּן און אַריבערשפּרינגען, זיך צוגעקוקט צו דער וואַך — מיט דער נייטיקער פאָרזיכטיקייט, גאַטירלעך, איבערגעציילט, וויפל זײַנען זיי, געשאַצט זייערע קויכעס — אַנטלויפן איז ניט געווען קיין שום מעג־לעכקייט. ער האָט אויפגעכאַפּט גרוניעס א בליק פונוויטן, פאַרשטאַ־נען, אַז זי קוקט אים נאָך, וואַרט אויף זײַן וואָרט, ס'איז אים הייס געוואָרן אַרום האַרצן. ער האָט זיך ניט אַרומגעזען, ווי ער איז שוין געשטאַנען לעבן איר.
— מע קאָן גאָרניט מאַכן, — האָט ער געזאָגט. — פאַרוואָס האָבן מיר זיך ניט באַהאַלטן ערגעץ, איידער מיר זײַנען אַרײַן אַהער? דענסטמאָל האָט מען נאָך געקאָנט. איך בין שולדיק. ניט געדאַרפט הערן, וואָס דו זאָגסט.
— ווי מיינסטו, זיי וועלן אונדז ניט שיסן, ניין? — האָט זי געפרעגט.
— דאָס וואָלט נאָך געווען ניט אַזוי שרעקלעך — האָט ער אי־בערצײַטיק געמאָלדן. — וויפל ווערן געהאַרגעט אויפן פראָנט אָדער פון א באָמבע, זיצנדיק אין שטוב. אָט... אויב זיי שיקן אונדז אַרבעטן פאַר זיי, בווענען בלינדאַזשן, דענסטמאָל... מיט די אייגענע הענט העלפן, זיי זאָלן ווערן שטאַרקער... דאָס איז שרעקלעך...
— וואָס זײַנען מיר שולדיק, אויב מע צווינגט?
— סײַוויסטײַ. הילף גיסטו זיי דערמיט? ניין, איך וועל פאַר זיי ניט אַרבעטן, זיי זאָלן מיך אפילו האַרגענען.
דאָס מיידל האָט געכאַפּט א קוק אויף פאַלעקן. זײַן מאָגער פּאָ־נעם, דער בליק, דאָס מויל האָבן אויסגעדריקט מוט און פײַער. ער האָט איר אויסגעוויזן דערוואַקסענער ווי שטענדיק. זי האָט איצט גע־טרויט יעדן וואָרט זײַנעם, איז גרייט געווען גיין נאָך אים, וווּהין ער וויל.
— קום! — האָט זי אויסגעשעפּטשעט אַנטשלאָסן. — איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן.
— זאָג.
— דאָ טויג ניט. קום.
זי האָט אים געפירט פאַר אַן אַרבל, זיך געדרייט מיט אים צווישן אוילעם אַהער, אַהין, ווידער צוריק, אַלץ קיין אָרט ניט געפונען פאַר דעם, וואָס זי האָט געהאַט צו זאָגן. ענדלעך האָט זי זיך אָפּגע־שטעלט — לעבן פּאַרקן, הינטער די רוקנס פון עטלעכע אומבאַקאַנטע מענטשן. א וואָרף געטאָן מיט די אויגן אין איין זײַט, אין דער

צווייטער און אפגיכ א שטעק געטאָן דאָס מויל דעם יונגל אין באק אריין, פאר אינלעניש געטראָפן אין אויער, וואָס האָט זיך צעפלאטש, ווי אומטערגעצונדן.

דאָס מיידל איז גלייך אוועק פון דעם אָרט. פאלעק איז איר נאָכ־געגאנגען, און ס'האָט אים געדאכט, אז סע טראָגט אים אינדער־לופטן, ער פליט.

* *
*

די אָפגעשטעלטע שאָ איז שוין לאנג אריבער, און א שטיקל צייט איז מער קיינער ניט צוגעקומען. שפעטער האָט זיך ווידער באוויזן אפן וועג א קליינע גרופע מענטשן. די זיינען ניט אליין געגאנגען, מע האָט זיי געפירט. אז די גרופע איז צוגעגאנגען נעענטער, האָט מען דערזען שכיינים, באקאנטע. מע האָט אָנגערופן איינע פאר די אנדערע זייערע נעמען.

— אנאסטאסיע וואסיליעווגע!

— דער אלטער דידענקאָ!

און מע האָט זיך געכידעשט:

— זיי אויך אהער?

די ניי־אָנגעקומענע האָט מען גלייך אָנגעהויבן אויספרעגן, ווען און וויאזוי מע האָט זיי גענומען. דאָס זיינען געווען עטלעכע רוסן און אוקראינער, עלטערע פון רויטע קאָמאנדירן, אָנגעשטעלטע פון סאָוועטישע אינסטיטוציעס. מע האָט געוואָלט הערן, עפשער ווייסן זיי, וואָס וועט זיין ווייטער.

ארטיאָם איוואנאָוויטש דידענקאָ, א דארער, שלאנקער אלטער מיט שפּאָטיש־קלוגע אויגן, אין די ווינקלען עטוואָס אופגעהויבענע צו די שלייפן, האָט געשמייכלט אין די גרויע וואָנצעס אריין.

— וואָס ווייטער וועט זיין, דאָס וועלן מיר ווייטער זען. — האָט ער געענטפערט פויעריש־פאָרזיכטיק. — דערווייל דארף מען פארייכערן.

פארייכערט און דערשטיק זיך פארצויגן א פאָר מאָל, האָט ער זיך צערעדט שוין מער גערן.

— שולדיק בין איך געווים: איך האָב זין פליער. און פונייבן קאָן מען דאָך טאקע דער רועב ווייסט וואָס פארא צאָרעס אָנמאכן. ביפראט אז קיין פארמאטשעס זיינען זיי ניט, קאָנען זייער מעלאָכע. מאָמש איך וואָלט ניט געדארפט ענטפערן פאר די זין. זיי זיינען יונגען באסענע־געהאטע און פרעגן ניט באם מאטן, וואָס זיי האָבן צו טאָן, נאָר פון דער אנדער זייט קאָן מען זאָגן: דאָס עפעלע פאלט ניט ווייט פונעם ביימעלע... דעריקער איז דאָס, וואָס מע וויל גאָר מיט דיר ניט ריידן. צי זאָל מען דיך, הייסט עס, אופהענגען, צי שיסן אָדער ערגעץ אוועקטרייבן. וועגן דעם וועסטו שוין האָבן דעם סימען, אז עס וועט האלטן דערביי.

אנאסטאסיע וואסיליעווגע מאָראָזאָווא איז געווען א לערערן. ניט איין דאָר קליינוואָרג דערצויגן אין שטאָט. ווי זי האָט זיך נאָר באוויזן, האָבן בעוורע זי ארומגערינגלט, געפרייט זיך, באדויערט:

— איר אויך מיט אונדז?

— מיט אייך, קינדער. אונדז וועט קיינער ניט צעשיידן.

דאָס איז געווענ ניט קיינ יונגע איינזאַמע פרוי, א הויכע, מיט א הויכנ שטערנ אונ גלאַט-פאַרקעמטע בלאַס-בלאָנדע האָר. אינ דער יוגנט האָט זי פאַרלוירנ א נאָענטנ מענטשנ אונ נאָכדעם א גאַנצ לעבנ געהיט זײַנ אָנדענק. די קינדער זײַנענ געשטאַנענ אָפגערוקט א טריט — איצט, ווי שטענדיק, האָט זי ניט דערלאָזט צופיל טוליענ זיכ צו איר, — אונ האָבנ געקוקט אַפ איר מיט פאַרליבטע אויגנ.

עמעצער פונ די דערוואַקסענע האָט געוואָלט וויסנ:

— פאַרוואָס האָט מענ אײַכ גענומענ?

— איכ ווייס ניט, — האָט אַנאַסטאַסיע וואַסיליעווע געענטפערט. — אונ ס'איז דענ ניט אַלצאיינס פאַרוואָס? כ'האָב אַפילע ניט געפרעגט. די שול איז רויִנירט, די שטאָט איז פוסט. ווו דו טוסט זיכ א קער — זייערע פענעמער. דאָ ביסטו כאָטש צווישנ אייגענע מענטשנ.

— גוט. גוט, וואָס איר זײַט מיט אונדז, — איז אַבע שאָסטאַק אַרײַנגעפאַלנ אינ די רייד. — ניט גוט, ס'איז ניט דאָס וואָרט, נאָר — ליכטיקער אַפנ האַרצנ... אָ, אָט דאָס האָב איכ געוואָלט זאָגנ.

ער איז געווענ אופגערעגט. ס'האָט אימ געפיבערט.

— איר פאַרשטייט, אַנאַסטאַסיע וואַסיליעוונע, — האָט ער זיכ צעשעפטשעט. — איר פאַרשטייט, וואָס דאָס הייסט א הײַפל, א הײַפעלע ייִדנ, אַליינ, אָנ קיינעמ אַרומ זיכ, אַליינ אינ אַזאַ טאָג? אָט פאַר דעמ „אַליינ“ ציטער איכ ערגער, ווי פאַרנ טויט.

— באַרויִקט זיכ, איר זײַט ניט אַליינ, מיר אַלע... — האָט אַנאַסטאַסיע וואַסיליעוונע געוואָלט עפעס זאָגנ, נאָר ער האָט ניט דערלאָזט.

— מע מיינט, איכ 'בינ א פרייליכער, איכ האָב ליב א וויצ, אַנ אַנעקדאָט, — האָט ער גערעדט, ווי פונ היצ. — קיינער ווייסט ניט מײַנ קרענק. אַז עמעצער טוט אַפ מיר א קרומענ קוק, רײַסט זיכ מיר אָפ אינ האַרצנ. ווי זאָגט מענ עס, פאַר א געשלאָגענעמ טאָר מענ קיינ שטעקנ ניט ווײַזנ? אוי, 'עמעס, מײַנ גרעסטער פײַנ איז, ווענ עמעצער האָט מיכ פײַנט, ווינטשט מיר שלעכטס. יעדער נערוו טוט מיר וויי דערפונ, איכ קאָנ ניט שלאָפנ בײַנאַכט, יענער מעג אַפילע זײַנ דער לעצטער גאָרניט. איכ דאַרפ צורו, פרײַנטשאַפט. ווענדנ זיכ אַפ דער גאַס צו אַנ אומבאַקאַנטנ: „איר גייט ביזנ דאָג? לאָמיר גיינ צוזאַמענ“... אונ יענער זאָל צוגעלאָזט, מיט א שמייכל ענטפערנ: „אָכ, מיט פאַרגעניגנ“. ניט א שפײַ טאָנ, ניט אָפשיקנ צו אַלדי רוכעס — אָט דאָס איז מײַנ כויעס, מײַנ היילונג, מײַנ בעסטער קוראָרט. מיר האָבנ געלעבט אינ קאָמפאַניע, צווישנ מענטשנ. ווי האָט עס געהייסנ — די פעלקער-מישפאָכע. אַפילע איכ האָב שוינ אָנגעהויבנ פאַרגעסנ מײַנ אומגליק, אָטעמענ פרײַ. אונ מיטאַמאָל — נאַ דיר צוריק דעמ בייזנ כאָלעמ. זיבעצנ אַזייגער מיט דרײַסיק מינוט.

— געוויס. אַלצ ריכטיק. נאָר שפּעטער מוז מענ זײַנ, כאַווער שאָסטאַק, שפּעטער א ביסעלע.

— יאָ, יאָ, איר זײַט גערעכט... אַנאַסטאַסיע וואַסיליעוונע, דערלייבט מיר שטיינ לעבנ אײַכ, ווײַ א שווערער מינוט אָנעמענ אײַער

האנט. מיט אײַכ װעל איכ זיכ עפּשער פילנ שטארקער, ניט אזױ אלײנ. איר פארשטײט?

— איכ פארשטײ, כאװער שאָסטאַק. בארויִקט זיכ.

זי האָט אים אויסגעשטרעקט די האַנט. ער האָט זי הײס צוגעפּנעדריקט, געהאַלטנ א װײַלע. טרערנ האָבנ זיכ אים געשטעלט אינ די אויגנ.

— יאָ, גוט... גוט... — האָט ער געזאָגט. — אזױ איז מיר שוינ קײנ זאכ ניט שרעקלעכ. גוט...

זי האָט אים געקענט פונװײַטנ, װי א סאכ אנדערע, װאָס זײַערע קינדער האָבנ זיכ אמאָל געלערנט בא איר אינ קלאס. מיטאמאָל האָט זיכ ארויסגעװיזנ, אז זי איז דעם מענטשנ נײטיק, אונ זי קאָנ אים שוינ ניט פארלאָזנ.

* *
*

א באװעגונג צװישנ דער װאכ האָט אָנגעזאָגט, אז דער הויפּטמאנ, װאָס מע האָט אפ אים געװארט, איז אָנגעקומענ. פונ דער קליאָנענ-אַלײע האָט זיכ באװיזנ א היפּשער אָטריאַד, באװאָפנט מיט לײַכטע קוילנװארפער, דורכ אנ עפענונג אינ דראָטענעם צוים — ארויס אינ פעלד, דאָרט, לויט דער קאָמאנדע, זיכ צעטײלט אונ פארנומענ זײַנע ערטער. דער הויפּטמאנ האָט, עפּעס באפוילנדיק אײנעם פונ זײַנע אונטערגעאָרדנטע, מיט א פינגער אָנגעצײכנט אינדערלופטנ א שטריכ לענגױס דעם ריװ אונ אנ אָפּשטאנד פונ דעם ריװ ביז א געװיסנ פונקט, צו װעלכנ די שיסער, װאָס זײַנענ, אפּאָנעם, געװענ צו װײַט, האָבנ זיכ צוגערוקט.

מיט קלאפּנדיקע הערצער האָט דער אוילעם נאָכגעשפּירט נאָכ די צוגרײטונגענ. אלע האָבנ זיכ אויפגעשטעלט, זיכ געשטופּט צום צוים. מוטערס האָבנ גענומענ די אײפעלעכ אפ די הענט, איטלעכע האָט געזאמלט ארום זיכ אירע קינדער. א בלינדער אינ טונקעלע ברילנ האָט געהויבנ דאָס פּאָנעם, געמײנט עפּעס דערהערנ, גאָרניט געהערט אונ זיכ אלצ נאָכגעפרעגט:

— װאָס זעט מענ, הא? װאָס זעט מענ דאָרט אינ פעלד?

ס'איז נאָכ קײנ זאכ ניט געװענ קלאָר, נאָר א שוידער איז אלעמענ באפאלנ. מע האָט זיכ אויפגערירט, זיכ צערוישט, װי א קופּע הארבסטיקע בלעטער פונ פלוצעם אָנגעפלויגענעם װינט. פונ דער װאכ האָט מענ א האריקע געטאָנ, ס'זאָל װערנ שטיל, אונ די מענטשנ זײַנענ פארגליװערט געװאָרנ, געשטאַנענ אינ ציטערניש, געשעפּטשעט:

— װאָס איז עס? װאָס װילנ זײ טאָנ מיט אונדז?

— קעגנ װעמענ אזױפיל געװער?

— דאָס זײַנענ דאָכ די מעכאבלים, די „סאמעכנ“.

דער הויפּטמאנ האָט א װונק געטאָנ פונ יענער זײַט צוים, אונ פונ דער זײַט האָט דער עלטערער פונ דער װאכ טײקעפּ עפּעס אויסגעקראַקעט.

— װאָס? װאָס האָט ער געזאָגט? — האָט מענ זיכ נאָכגעפרעגט.

די פּאָדערשטע האָבנ זיכ שוינ ערגעץ באװעגט. די איבעריקע האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ נאָכ זײ. פלוצעם א קאָמאנדע:

— שטיי! געננג!

די אָפּגעטיילטע גרופּע האָט מען אוועקגעפירט צום ארויסגאַנג פון גאָרטן אין פעלד. דאָ זיינען אלעמען ארויסגעגעבן געוואָרן לאָפּעטעס. אלץ איז באצייטנס געווען צוגעגרייט און פאָרויסגעזען, ס'איז ניט אויסגעקומען צו היטן קיין איבעריקע מינוט. אין פעלד האָט מען די אָנגעקומענע אויסגעשטעלט לענגאויס דעם ריוו און באפוילן אָפּגראָבן דעם שיפּוי, פון אונטן ביז אויבן מאכן א ווערטיקאלע וואנט און דעם זאמד ארויסוואַרפן ארויף. א זעכציק מעטער פונעם ריוו זיינען געשטאַנען שיסער, דאָס געווער אָנגעצילעוועט און גרייט צו דער ארבעט.

דאָס גראָבן האָט ניט אויסגעזען גיט ווי צוליב א טראַנשיי, ניט ווי צוליב עפּעס א באפעסטיקונג אָדער א געביי. אלע האָבן געהאט איין געדאַנק, נאָר מע האָט זיך געשראָקן ארויסברענגען אים פארן מויל. מע האָט נאָר געפרעגט אין ציטערניש איינע בא די אַנדערע:

— מיט די קינדער וואָס וועלן זיי טאָן? וואָס וועלן זיי טאָן מיט די קינדער?

מאַרקוס האלפּערן איז נאָך דעם, וואָס מיט אים איז געשען באַם ארייַנגאַנג אין גאָרטן, ארייַנגעפאלן אין א שווערער צעטראָגנקייט. באקאַנטע האָבן זיך ארום אים געזאמלט, עפּעס גערעדט, ער האָט זעלטן און ניט גערן געענטפערט א וואָרט, פאַר פּיליאָריקער געוווינשאַפט אָפּט געלייגט די האַנט אַף דער וועסטל-קעשענע און איטלעכס מאָל זיך געכידעשט, וואָס דער זייגער איז ניטאָ אַף זיין שטענדיקן אָרט.

א גאַנץ לעבן איז פאַר אים טייערער פון אלץ געווען דאָס געפיל פון אייגענער וואָג, ווי אינעם שטייפן געזונטן קערפּער, אין טראָט און זשעסט, אַזוי אין די געדאַנקען, אין וואָרט, אינעם אָנזען בא מענטשן. אָט דאָס געפיל האָט ער אייַנגעהיט בא די שווערסטע פערזענלעכע אומשטענדן, קיינמאָל ניט צולאָזנדיק זיך איבעריקס צום הארצן קיין צאַר, קיין אומרו. ער האָט עס אייַנגעהיט אויך אין די שטורעמווינטן פון דער צייַט, ווען זיין פעסטונג איז געווען דאָס גלייבן אין אייראָפּע, אין ציוויליזירטער לעבנס-אָרדענונג, צו וועלכער סע קומען בעהאדראָגע אלע פעלקער ווער פריער, ווער שפּעטער, איטלעכס מיט זיין וועג.

מיטאמאָל איז ער אייַנגעבראָכן געוואָרן אין איין מינוט. דער קלאַפּ, וואָס ער האָט געכאַפּט, איז גאָר ניט געווען אַזוי שטאַרק, נאָר גייענדיק, האָט זיך אים נאָך אלץ געדאַכט, אז ער פאַלט פון די פיס. אין די אויגן האָט געשווינדלט, און די געדאַנקען האָבן זיך געמישט, עמעצער האָט אים געפרווט טרייסטן, מוטיקן. האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— מיט מיר זאָלט איר ניט ריידן. איך בין שוין אויס מענטש.

ער איז געגאַנגען, ווו מע האָט געפירט, געמוזט אייַלן, אונטערלויפן, קעדיי ניט אָפּצושטיין, און אָט די אייַלעניש, דאָס גיין ניט מיט זיין גאַנג האָט אים געדריקט מער, ווי דער געדאַנק וועגן דעם, וואָס ער האָט פארלוירן, מער, ווי דער געדאַנק וועגן דעם, וואָס סע שטייט פאָר. אין הארצן האָט מיעס געקלאַפּט, דער אָטעם האָט שלעכט געדינט און אינגאַנצן האָט ער זיך געזען צעריבן, צעטאָפּטשעט — א בינטל שמאטעס, נאָר ערגעץ שלעפּט מען עס נאָך אַף

שאנד און שפאָט. פאַר שוואכקייט און באַליידיקונג האָט זיכ געגלוסט וויינענ. ס'איז אימ געווענ, ווי מע וואָלט היינט באַראַבעוועט דעמ זינ פונ זיינ גאַנצ ביזאַהעריקנ לעבנ, באַמ סאמע סאָפ אויסגעשטעלט אימ צומ נאַר. און ער האָט שוינ מער גאָרניט געוואָלט, נאָר מע זאָל שוינ גיכער אָפּטאָנ, וואָס מע האָט מיט אימ אָפּצוטאָנ, און — אַנ עק.

מע האָט אימ געגעבנ א לאָפּעטע, האָט ער גענומענ. מע האָט אימ געשטעלט אַפּ אַנ אָרט און געהייסנ גראָבנ, האָט ער געגראָבנ, געבויגנ זיכ, אַלעמאָל אָנגעטראָטנ מיטנ פוס אַפּ דער לאָפּעטע, זי זאָל טיפער אַרייַנ. טרערנ זיינענ אימ פונ די אויגנ געפאַלנ, האָט ער נידעריקער אַראָפּגעלאָזט דאָס פּאָנעמ, מע זאָל זיי ניט זענ.

אבע שאָסטאַק מיט אַנאַסטאַסיע וואסיליעוונע זיינענ געגאַנגענ צוזאמענ. ער האָט גערעדט:

— איר האָט אינ דער שול געפירט מיינ טאָכטער, געמאַכט זי פאַר א מענטשנ. זי האָט אייַכ זייער ליב געהאַט. איצט פירט איר מיכ, וויהינ? דאָס איז שוינ ניט פונ אייַכ געווענדט. נאָר לעבנ אייַכ פיל איכ זיכ אויכ קימאַט א מענטש. איכ בינ עלטער פונ אייַכ און דאַרפ, איר זאָלט מיכ פירנ, איר, א פרוי, וואָס אַפּנ האַרצנ איז אייַכ אויכ... מע קאָנ זיכ פאָרשטעלנ...

— אַפּנ האַרצנ איז מיר גרינגער, ווי היינט אינדערפרי, ווענ איכ בינ נאָכ געזעסנ אינ שטוב, — האָט זי געזאָגט.

— פאַרוואָס? איכ פאַרשטיי ניט.

— פּאָשעט, ווייַל איכ בינ מיט אייַכ. איכ מיינ, מיט אייַכ אַלעמענ. אַנדערש וואָלט עפּעס אויסגעקומענ ניט גוט.

— אַנאַסטאַסיע וואסיליעוונע, — האָט אבע שאָסטאַק אויסגערופנ. — איר ווייסט ניט, וויפל קויעכ איר גיט מיר מיט די ווערטער. יעסורימ, קאַטאָרגע, טויט, איר הערט? אַלצ בינ איכ גרייט נעמענ אַפּ זיכ פאַר אָט די ווערטער! אבי ניט אַליינ, נאָר ניט אַליינ.... הערנ אַזעלכע ווערטער אינ אַזא מינוט — דערפאַר איז אַלצ קעדייַ, קיינ פרייַז איז ניט צו טייַער.

אינ ריוו אייַנגעבויגענערהייט האָט ער געשעפּטשעט:

— ס'איז געשענ א וווּנדער, איר פאַרשטייט? מיר געפינענ זיכ אינ א מינעסער גרוב, מע זעט דאָכ שוינ, וואָס זיי קלייַבנ זיכ אָפּטאָנ מיט אונדז, און איכ קריכ ניט, ווי א וואָרעמ, וואָיע ניט, ווי א הונט, ווער ניט מעשוגע... ס'איז נאָר ווייַל איר זייַט מיט מיר... אַזא שיינע, א ליכטיקע — מיט מיר, מיט אונדז... זיי וועלנ אונדז פּאַטערנ, פאַרשטייט זיכ, און טאקע באַלד אַפּנ אָרט. א פראָסטער כעזשבנ: וואָס דענ זיינענ זיי אויכנ? נאָר איידער איכ מאַכ צו די אויגנ, בינ איכ געוווירע געוואָרנ — ס'איז דאָ א מענטש אַפּ דער וועלט!.. אָט שטייט ער לעבנ מיר...

גרוניע, וויבאַלד זי האָט פאַלעקנ א קוש געטאָנ, האָט זי שוינ מער וועגנ גאָרניט געוואָלט איבערקלערנ, געשטאַנענ פאַר אימ, ווי א טויב, געקוקט מיט גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט אימ גלייַכ אינ די אויגנ, און איר בליק האָט גערעדט: „איצט ווייסטו שוינ אַלצ, וואָס נאָכ קאָנ איכ זאָגנ?“.. אימ איז הערפונ געווענ גוט, נאָר אַזוי ווי א

ביסל צופיל, ס'האָט אױש געשראָקנ, זײַנ בליק האָט זיכ אָפט אָפגעװענדעט פונ איר, װי פונ א צו שטארקער שײַנ.

אַז מע האָט געהײסנ גײנ, האָט פאלעק א װוּנק געטאָנ, זי זאָל זיכ שטעלנ לעבנ אים. זײ האָבנ געשפאנט האנט בא האנט. פונ דער גיכער באװעגונג נאָכ א צײַט פארשפארט זײַנ אינ ענגנ װינקל איז דאָס מײדל אופגעמונטערט געװאָרנ, איר פּאָנעם האָט א שפיל געטאָנ מיט פרישקײַט אונ גלאנצ. פאלעק האָט זיכ געכמורעט, זי האָט פונ מאָל צו מאָל געכאפּט אפ אים א קוק. זײַנ פּאָנעם איז געװענ שטרענג. די מוטערס זײַנענ צו נענטער, א גלעט געטאָנ די קינדער, א װײנ געטאָנ. גרוניע האָט ניט אױסגעהאלטנ, צוגעטוליעט אפ א רעגע דעמ קאָפ צו דער מוטערס אָרעמ, אונ אירע אַקסלענ האָבנ זיכ צעצאפלט.

ער האָט זיכ נאָכ מער אײַנגעשלאָסנ, פארשטשימעט די צײנ, ניט דערלאָזט קײנ טרער. אינ ריװו איז ער געשטאנענ אָנגעשפּארט א האנט אפ דער לאָפּעטע אונ גאָרניט געטאָנ, טאָמער גיט ער מיט זײַנ ארבעט הילפ דעמ פײַנט.

דאָס גראָבנ האָט לאנג ניט געדױערט.

ס'האָט אױסגעגרילצט א קאָמאנדע:

— ארױס פונעמ ריװו! אנידערלײגנ די לאָפּעטעס! שנעלער!

אײדער אלע זײַנענ ארױס, איז װידער געקומענ א קאָמאנדע:

— אױסקערעװענ זיכ מיט די פּענעמער צו דער גרוב! צורוקנ זיכ הארט צומ ראנד!

א פרױ האָט זיכ צעשריִענ אומבאגרײַפלעכ הױכ אונ דינ, מיט א מעשונעדיק פױגלש קאָל, אנ אוראלטנ רופ, אנ אומגליק־סיגנאל, געװאָרפנ פונ א טױבנ כײַישנ העק, נאָכ פרױענ האָבנ אימ איבערגעכאַפּט. פארשטארקט.

ערלעכ אױסגעקערעװעט מיט די פּענעמער צו דער גרוב, האָבנ אינ די מינוטנ די צװײ שנײַדערלעכ שטיל געפירט זײער זקײנישנ שמועס:

— איז װי, פײַטל, אָט דאָס איז עס אונ א גוטנ טאָג?

— אפּאָנעמ.

— אָפגעמוטשעט זיכ א לעבנ, פארנ סאָפּ האָט מענ דיר א װײַז געטאָנ, אַז סע קאָנ זײַנ אנדערש, אונ שױנ, װײַטער איז ניט פאר דיר?

— אזױ קומט אױס, די װעלט בלײַבט א װעלט, אײַ, מיר װעלנ שױנ ניט זײַנ? נו...

— אָבער אימ, זאָגסטו, װעט מענ באגראָבנ, הא, פײַטל?

— באגראָבנ אונ פארשיטנ, קײנ זײכער ניט איבערלאָזנ.

— װענ מע קאָנ פונ קײװער אופשטײנ אונ א קוק טאָנ — מער װיל איכ שױנ גאָרניט — כאָטש מיט אײנ אױג...

מיטאמאָל איז עפּעס געשענ.

— װער איז, װאָס? — האָט שאָסטאק אופצאפּלענדיק אָנגעכאפּט אנאסטאסיע װאסיליעװנעס האנט.

— ס'איז פאלעק. — האָט זי געזאָגט. — פאלעק בערמאנ. שילער פונ זיבעטנ קלאס.

דאָס יִנגל איז געשטאנענ מיטנ פּאָנעמ צומ מיליטער. די מוטער

אונ דאָס מיידל האָבנ אימ געצווינגנ צוריק, צוגעהאַלטנ פאר אנ ארבל, ער האָט זיי באַזײַטיקט. זײַנ מאָגער, בלייכ פאָנעמ האָט אויסגעדריקט געדאַנק, ווילנ אונ באַשלוס, ארומ אימ האָבנ מענטשנ געגענגעט אינ גסיסע-מאַטערניש, ער איז געווענ שטיל, דאָס מויל צונויפגעפרעסט, צווישנ די צונויפגערוקטע ברעמענ פארשניטנ א קנייטש.

— זאָל לעבנ סטאַלינ! — האָט ער הילכיק אויסגערופנ. — די רויטע ארמיי!..

— שוינ. דער סאָפ... — האָט אנאסטאַסיע וואסיליעוונע געזאָגט, גיב זיכ צוגעבויגנ אונ א קוש געטאָנ שאָסטאַקנ אינ מויל. אירע ליפנ זײַנענ געווענ וואַרעמ. א שטראָמ לעבנ האָט זיכ פונ זיי צעפלאָסנ איבער זײַנ לײַב, ער האָט אופגעפלאַטערט, ווי א פויגל צומ פליענ.

— אנאסטאַסיע וואסיליעוונע, איכ בינ שטאַרק, איר הערט? איכ האָב קיינ טראָפנ מוירע ניט! אײַער האַנט אינ מײַנער... איכ בינ שטאַרק!..

פונ הינטנ האָט קורצ א טרעקאָטשע געטאָנ, עפעס האָט מיט קויעכ איבערגעשניטנ דעמ רוקנ, די שײַנ פונ טאָג האָט זיכ אויסגעלאָשנ, אונ ביידע האָבנ זיכ איינצײַטיק אונטערגעטוקט מיט די קעפ אינ דער פינצטערניש ארײַנ.

די הימלעראָווצעס האָבנ ארויסגעלאָזט אפ די מענטשנ עטלעכע רייענ פונ א קוילנוואַרפער אונ באַלד אָנגעלאָפנ אפ זיי, ווי א טיטשקע צערייצטע הינט.

די געהארגעטע זײַנענ טייל געלעגנ אינ ריוו, טייל אויבנ באַמ ראַנד, אנדערע האָבנ נאָכ געקרעכצט, געקאָרטשעט זיכ אינ ווייענ, געעפנט אנ אויג. פונ טויטע פענעמער האָט געקוקט לעבעדיקער שוידער. פינגער האָבנ אינ לעצטע קראַמפנ געכאַפט די ערד, די גראָזנ. א קרײַדווײַס מיידלש פאָנעמ אינ א כוואַליע שווארצע האָר האָט געאָטעמט מיט לײַדנשאַפט אונ צאָרנ, אונ ס'האָט געדאַכט, באַלד נעמט עס א וואָרט אונ מאָנט כעזשבנ. א מאַמע איז געלעגנ מיט איר אייפעלע צוגעטוליעט צומ הארצנ. די צוויי אַלטע שנײַדערלעכ זײַנענ נעשלאָפנ, ליגנדיק אפ א זײַט איינער קעגנ דעמ אנדערנ.

די הימלעראָווצעס האָבנ אָנלויפנדיק געשאָסנ אינ טויטע אונ אינ פארוווּנדעטע אינײנעמ מיט טויטע געשלײַדערט אינ גרוב ארײַנ. אפנ יונגל, וואָס איז געלעגנ אויבנ, מיטנ שטאָלצנ פענעמל ארופ, די הענט צעפאָכט אינ דער ברייט, ווונדערלעכ פרײַ, האָבנ זיי זיכ ארופגעוואָרפנ צומ אלעמערשטנ. אָנמעכטיק אימ בייז צו טאָנ, האָבנ זיי געשטאָכנ זײַנ אומבאַוועגלעכנ גופ, די אויגנ אימ אויסגעשטאָכנ, געריסנ איינער באַמ אנדערנ, גערימשעט, געקריצט מיט די ציינ. יענע, וואָס זײַנענ געבליבנ אָנ כיילעק אינעמ קאָרבנ, האָבנ זיכ אָפגעזוכט אנדערע קינדער אונ צו זיי ארויסגעלאָזט די רעציכע, געהאַקט, געקאַליעטשעט, אפ די באַגנעטנ די קינדערשע קערפערס אופגעהויבנ.

באַלד ווי מע האָט אוועקגעטריבנ די ערשטע גרופע צומ ריוו, האָבנ די איבערגעבליבענע אינ גאָרטנ שוינ מער ניט געסאָפעקט אינ דעמ, וואָס סע גרייט זיכ. מע האָט זיכ צעקרעכצט, צעשעפטשעט, ווי א וואַלד אינ הארבסטיקנ ווינט, מוטערס האָבנ אײַנגעשטילט די קינדער, כיטש די דלאָניעס די מײַלער זיי פארמאַכט. די קינדער אַליינ

האָבנ זיכ געוואָרגנ פאַר שרעק, געשטיקט אינ זיכ דאָס געוויינ. אייגענע אונ פרעמדע האָבנ זיכ געזעגנט, איינע די אנדערע אפ די העלדזער געפאַלנ.

— אוי! — האָט א ייִדענע, צעשפּרייטנדיק די הענט פאַר די כאַווערטעס, פאַר די ביימער פונ גאָרטנ, פאַרנ בלויענ ווײַטנ הימל, אויסגערופּנ אפּנ קאָל, — אָפּגעריסנ ווערנ פונ אזא שיינער, ליכטיקער וועלט, פונ אזא טײַער ליכטיק לעבנ, ווי מיר האָבנ געהאַט — פאַרוואָס? פאַר ווענ?

אונ קיינ זאַכ האָט שוינ מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטנ די געפילנ. א געיאָמער, א וויי-געשריי פונ הונדערטער הערצער האָט אויסגעבראָכנ, ווי א שטורעמ, געברויזט, גערוישט, זיכ באַנײַט מיט אַלעמאָל גרעסערע קויכעס, מיט אַלעמאָל קלאָרערנ באַוווּסטזײַנ פונ דער מוירעדיקער אוולע, וואָס דאָ ווערט אָפּגעטאָנ, פונ דעמ אומפאַרגלײַכלעכנ אויצער, וואָס מע ווערט פונ אימ דאָ באַרויבט.

עמעצער האָט זיכ געקײַקלט אפ דער ערד, אונ זײַנע הייזעריקע קרעכצנ זײַנענ געגאַנגענ, ווי פונ א הייל. עמעצער האָט זיכ געוואָרפנ דול פונ איינעמ צומ אנדערנ, געכאַפּט פאַר די אַרבל אונ אַלצ געמאָנט: „זאָל מענ עפּעס טאָנ! זאָל מענ בעטנ ראַכמאָנעס! זאָל מענ געבנ צו פאַרשטיינ! ווענ האָבנ מיר זיי שלעכטס געטאָנ?..“

סימע איז פאַרשלאָפנ די געשעעניש. זי האָט שווער אופגעהויבנ איר פאַרקליאַסטערטנ קערפּער, א צײַט זיכ אײַנגעקוקט, זיכ אײַנגעהערט אונ ניט געקאָנט כאַפּנ, וואָס איז געשענ.

— וואָס ווייַנט מענ? — האָט זי געפרעגט.

קיינער האָט ניט געענטפערט.

— מעכוטנ, — האָט זי זיכ געווענדט צו רעב נאַכמענענ, — רעדט א וואָרט.

ער האָט פאַר צעטראָגנקײַט געצויגנ מיט דער לינקער האַנט די באָרד. זײַנע גוטע אויגנ האָבנ אויסגעדריקט מיטלײַד אונ פּײַנ. סימע איז אימ דאָ געווענ צו לאַסט. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט איר צו טאָנ, וואָס איר צו זאָגנ, נאָר זי האָט שוינ אַליינ פאַרשטאַנענ, וואָס זי האָט באַדאַרפט. זי האָט אופגעעפנט דאָס מויל, א ווײַלע האָט עס געטונקלט שטומערהייט, אונ פּלוצעמ האָט עס אַרויסגעלאָזט א פאַרשטיקט-כריפּענדיק אויסגעשריי, ווי אינ כאָלעמ.

— א-א-א!.. וואָס האָט איר געהאַט צו מיר? נעכײַ וואָלטנ זיי שוינ מיכ בעסער הארגענענ אינ מײַנ בעט!.. א-א-א!..

אַרטיאָמ איוואַנאָוויטש איז געשטאַנענ לעבנ רעב נאַכמענענ. אינ מויל האָט ער געהאַט דאָס ליולקעלע. ער האָט געפּיפּקעט צוביסלעכ, שאַרף אַכטונג געגעבנ אפ אַלצ, וואָס סע קומט פאָר, אונ פאַר זיכ עפּעס געטראַכט.

— אײַערע, — האָט ער זיכ געקערט צומ שאָכנ, — אז סע טרעפט מיט זיי עפּעס, גוואַלדעווענ זיי מוירעדיק, וואָס איז די מײַסע?

— דאָס האָט איר ריכטיק באַמערקט. — האָט אימ רעב נאַכמענ געגעבנ געדענקט. — א ייִד איז א צאָרע שרײַט. איכ קלער, ס'נעמט זיכ פונ גלייבנ, אז די קוילעס מוזנ סאָפּקאָלסאָפּ דערהערט ווערנ.

— איר מיינט, גאָט וועט דערהערנ?

— גאָט איז א באזונדער איניגע. מענטשנ, דער מענטש ביכלאר וועט ספּאָקאָלסאָפּ דערהערנ.

— אָט דאָ ארומ אונדז, אשטייגער. ווער וועט דערהערנ?

— געשרייענ האָבנ זיכ זייערע וועגנ.

— יאָ. — האָט ארטיאָמ איוואנאָוויטש זיכ פארענטפערט. — אנטקעגנ וואָס זאָג איכ עס דענ? נאָר אנטקעגנ דעמ, וואָס די הינט אָנ דאָרט אינ דער וואכ מאכנ זיכ לוסטיק איבער די געשרייענ, לאכנ.

רעב נאכמענ האָט אריבערגעפירט דעמ בליק אהינ, ווּהינ ארטיאָמ איוואנאָוויטש האָט אָנגעוויזנ, א ווײַלע באטראכט, ווי סע זעט אויס, דאנ שטיל זיכ אָפּגערופנ.

— א בייזער מיילעכ, דערציילט מענ, איז אמאָל שטערבלעכ פארשלאפט געוואָרנ אונ געהייסנ, מע זאָל אימ אויסבאָדנ אינ א וואנע פונ קינדערשנ בלוט. האָט עס אימ דענ געהאָלפנ? זיי לאכנ, נאָר ס'איז זיי ניט פריילעכ, גיינ.

מיטאמאָל זײַנענ אלע שטיל געוואָרנ. מע האָט דערזענ, ווי די מענטשנ אפ יענער זײַט צוימ שטעלנ זיכ אויס פאר דער גרוב, די רוקנס ווארטנדיק אײַנגעבויגנ, אונ אלצ, וואָס נאָכדעמ איז פאָרגעקומענ. פארציטערטע איז מענ געשטאנענ, געקוקט. דאָ איז קיילע די שוסטערקע ארויס, ווי א דונער.

— אינ קינדער שיסנ זיי, אונ מיר, מאמעס, כאלעשנ, ברעכנ די הענט. באנדיטנ! ראָצכימ! מענטשנ האָבנ דאָכ נאָכ פאר אײַכ קיינ גענוג פאסקודנעמ נאָמענ ניט צוגעטראכט. זאָלט איר וויסנ זײַנ... לאָזט מיכ!.. — האָט זי אָפּגעשטויסנ איינעמ, וואָס האָט זי געפרווט אײַנהאלטנ, איר פּעכ־שווארצער קאָפּ האָט זיכ דערהויבנ איבערנ אוילעמ, די קאסאָקע אויגנ האָבנ געוואָרפנ בליצנ.

— זאָלט איר וויסנ זײַנ, — האָט זי געשריענ אפ ייִדיש, נאָר דאָס גראָבע קאָל האָט ברייט געהילכט איבערנ פלאצ, — מיר האָבנ זינ אונ ברידער אינ דער רויטער ארמיי. איכ אונ מיר אלע. מע וועט זיכ אינ אײַכ נויקעמ זײַנ. מע וועט אײַכ אויסשטיקנ ביז איינעמ. מע וועט אײַכ אויסשנײַדנ, אויסברענענ, אויסקאָרעניענ פונדאנענ ביז בערלינ צוזאמענ מיט אײַער היטלערנ, דעמ מעשוגענעמ הונט...

עמעצער האָט זי דאָכ אוועקגעשטופּט טיפער אינ אוילעמ, די וואכ זאָל ניט הערנ אירע קוילעס.

— בעהיימעס, וואָס האָט איר שוינ מוירע צו האָבנ? — איז זי אָנגעפאלנ אפ די, וואָס האָבנ זי אײַנגעשטילט. — וואָס איז אײַכ ניט אלציינס, ווי מע וועט אײַכ הארגענענ — מיט הונדערט טריט ווײַטער, צי דאָ אפנ אָרט? לאָזט, וועל איכ זיי זאָגנ א פאָר ווערטער, וועט זיי קאלט ווערנ אינ פופּעק!

מיט ליבשאפט האָט ראכיל איטאקאָווּנע אָנגעקוקט די שוסטערקע, ווי זי שטייט אונ דונערט, שיט מיט פײַער.

— גוט, קיילע, ריכטיק, נאָר אזוי, — האָט זי זיכ אָפּגערופנ, שטארק געדריקט איר דעמ עלנבויגנ, זיכ ניט צופרידנ געשטעלט דערמיט, היציק ארומגענומענ אונ א קוש געטאָנ.

— וואָרענ, שוויגנ? — האָט יענע אויסגעהילכט. — ווענ נאָכ קאָנ מענ אזוי ארײַנזאָגנ, ווי פארנ טויט? — אונ דאָס קאסאָקע אויג האָט כיטרע אונטערגעשמייכלט.

מאטעס דער נאכט-וועכטער איז די גאנצע צײַט געזעסנ ארײַנגעטאָנ אינ טילים, געווענדט מיטנ רוקנ צו אלצ מיטאנאנדער. לעבנ אים אונ הינטער אימ האָט זיכ גערודערט, מענטשנ האָבנ זיכ געקאָרטשעט פאר פײַנ. ער האָט זעלטנ ווענ, אויסדרייענדיק דעמ האלדז, א וואָרפ געטאָנ אינ א זײַט א גיכנ קוק, זײַנע פארווילדעטע אויגנ פונ א הייל-אײַנוווינער האָבנ זיכ אָנגעצונדנ אפ א רגע אונ באלד זיכ אָפגעקערט, נאָר ביים פונ יענער זײַט האָבנ זיכ דערטראָגנ די קלאַנגענ פונ דער שיסערײַ, האָט ער זיכ אופגעשטעלט, מיט אנ אופגעהויבנ בערדל אונ א פארביסענער ליפ בייז אָנגעקוקט, וואָס דאָרט טוט זיכ, א ווײַלע נאָכ זיכ צוגעהערט צו דער שוסטערקעס געשרייענ, ביטלדיק א מאכ געטאָנ מיט דער האנט אונ צוריק זיכ אנידערגעזעצט אפ זײַנ אָרט — צום טילים.

סימע איז נאָכ דעמ, ווי זי האָט זיכ אויסגעשריִענ, א צײַט געשטאנענ אומבאוועגלעכ אונ געשוויגנ — דער קארק אײַנגעבויגנ, די אויגנ אראָפגעלאָזט צו דער נידער — א האמעטנע גלאָק-פאָרמיקע ליים-פיגור. נאָר אינעמ בליק איז געווענ עפעס אנ אײַנגעשפארטקײַט. ענדלעכ האָט זי, קענטיק, אָנגענומענ א באשלוס, זיכ אראָפגעזעצט אפ דער ערד, ארומגעקוקט זיכ, ארײַנגעלייגט די האנט אינ בוזעמ אונ פונ דאָרט ארויסגעשלעפט עפעס א פעקל. א ווײַלע האָט זי אָפגערוט, דאנ ווידער זיכ ארומגעקוקט. געזענ, אז זי איז פארשטעלט פונ אלע זײַטנ אונ קיינער גיט אפ איר קיינ אכטונג ניט, האָט זי געעפנט דאָס פעקל אונ גענומענ ארופציִענ אפ זיכ די מאלבושימ, וואָס זײַנענ אינ דעמ געווענ פארוויקלט.

דאָס זײַנענ געווענ טאכריכימ, שוינ לאנג צוריק פארגרייט אונ אופגענייט. אָנגעטאָנ פונ אויבנ ביז אראָפ אינ ווײַסנ, מיט א ווײַסער הויב אפנ קאָפ, איז זי ווײַטער שוינ געזעסנ א בארויִקטע. א שטילקײַט האָט זיכ אויסגעגאָסנ אפ איר פאָנעמ, אונ ס'איז אוועק פונ דעמ די שלעפעריקײַט. די אלטע האָט איצט אויסגעזענ, ווי איינע, וואָס זיצט שוינ אפנ וואָגנ גרייט צום וועג, שוינ מיט איטלעכנ זיכ געזעגנט, געזאָגט אלע אָפשייד-ווערטער, דער פורמאנ דארפ נאָר א טרײַב טאָנ די פערד.

רעב נאכמענ האָט זי אָנגעקוקט פונ דער זײַט, ניט איבערגעשלאָגנ, גאָרניט געפרעגט. ער האָט נאָר, ווי געוויינלעכ אינ שווערע פאלנ, האלב צוגעמאכט די אויגנ אונ געשאָקלט קוימ באמערקלעכ מיטנ קאָפ, עפעס דערטראכטנדיק פאר זיכ אינ דער שטיל.

אפ יענער זײַט צוים האָבנ די היטלעראָווצעס אײַליק צוגעשאָטנ די הארוגימ מיט דעמ אויסגעגראָבענעמ זאמד, אונ דאָ אינ גאָרטנ איז געווענ די קאָמאנדע טרײַבנ צום ריוו די איבעריקע.

סימע, אָנגעטאָנ אינ די טאכריכימ, האָט זיכ געהאלטנ אָפגעזונדערט, בא קיינעמ גאָרניט געפרעגט, אפנ מעכוטנ זיכ ניט אומגעקוקט, ווי זי וואָלט אימ ניט דערקענט, אופגעשטאנענ אונ אוועק אליינ, א גרויסע אונ א ווײַסע. אלעמאָל מעסטנדיק מיטנ בליק דעמ איבערגעבליבענעמ מעהאלעכ, האָט זי מיט מי באוועגט די שווערע אָנגעדראָ-

לענע פיס, נעסאפּעט מיט אַן אָפֿן מויל, צוגעהאָרעוועט דאָס לעצטע שטיקל וועג.

מאטעס האָט זיך ניט געקענט אופגעהויבן פונעם אָרט. עמעצער האָט אים א מאָרע געטאָן, ער זאָל אופשטיין. „אויב זיי דאַרפן מיך האָר־נענען, זאָלן זיי קומען צו מיר!“ — האָט ער זיך אָנגעגרייט א זאָג צו טאָן, נאָר ס'איז שוין ניט געווען צו וועמען. און אין עפּעס א באָס האָט ער זיך אין דער מינוט דערפילט א טייל פונעם אוילעם. „פון קיין לעבן צוזאמען ניט געוווסט, לאָמיר כאָטש ליגן אין איין קיי־ווער“...— האָט ער געטראכט מיט גיפט. נאָר מער פון אלץ איז אים נעגאנגען אין דעם צו דערוויזן אָט דעם היטלערן, ווי וויט ער פאראכט אים, שפּייט אף זיין קויעך, האָט ער גייענדיק געהאלטן א פינגער אין טילים און איטלעכע מאָל, ווי מע האָט פארלאנגזאמט דעם טראָט אָדער זיך אָפּגעשטעלט אף א רגע, באלד גענומען דעם טילים צו די אויגן און געשעפּטשעט מיט די ליפּן, כאָטש ער האָט קימאט ניט געהערט, וואָס ער זאָגט. נעענטער צום ריוו האָט ער זיך צוגעיילט, און־טערגעלאָפן אָנצוקומען דער ערשטער, צולאָכעסדיק פלינק זיך אנידער־געזעצט אפן ראנד, אראָפּגעלאָזט די פיס און פארגראָבן דאָס פּאָנעם אין סייפער. מער האָט ער זיך שוין פון דעם ניט אָפּגעריסן. מיט אן אומענדלעכן ניגן, א וואָכעדיק־איינטאָניקן און מוירעדיקן, ווי אן אור־טייל, האָט ער געזשומעט שטיל, אף קיינעם און אף גאָרניט זיך ניט אומגעקוקט.

בערטשיק דער שוסטער האָט שמייכעדיק איבערגעשטעלט זיינע קורצע קלעצלעך. לעבן אים האָט געשפּאנט דאָס ווייב און דעם גאנצן וועג געשאָלטן די דייטשן.

— אויסרייסן וועט מען אייך, א בארג אש וועט מען פון אייך מאכן, און ס'וועט נאָך אלץ זיין ווייניק! הארגענען קינדער? אלע יעבוירים פון גענעם זיינען דאָך צו קליין דערפאר... און אזוי אומשולדיקע מענטשן? און ייִדן? וואָס הייסט אומברענגען אלע ייִדן? א כאָליערע זאָל אייך אויסשטיקן — פארוואָס?.. און אז עס וועט זיך אייך שוין איינגעבן, און איר וועט אָפּטאָן די ארבעט, וואָס פאר א גליק וועט איר ארייַנ־כאפּן? אוי, פּיפּערנאָטערס, מיִעסקייטן, אונדזערע פיס מעגט איר דאָך וואשן און דאָס וואסער טרינקען. א גדולע, איר האָט א כאַך טאנ־קעס. קאָן מען ניט מאכן נאָך מער טאנקעס און צעקוועטשן אייך, ווי די שלענג, צערייבן, ס'זאָל אין אייך קיין גאנצער ביין ניט בלייבן?.. וואַרט, מע וועט זיך צו אייך נעמען, וועט אויסגיין צו אייערע קעפּ א שווארץ, פינצטער יאָר. מע וועט אייך צעברעכן, ווי איר האָט אונדז צעבראָכן. מע וועט פארברענגען אייערע הנזועד, מע וועט אייך אויסטאָן נאקעט. ווער פון אייך ס'וועט ניט פוילן אין דער ערד, וועט פויזען, ווי א וואָרעם. ווי די קנעכט אין מיצראַים, וועט איר קענען לײם אופצובויען. וואָס איר האָט א טעל געמאכט... אוי, נאָר מיט וואָס וועט איר צאָלן פאר דעם בלוט פון די דערשאָסענע, די דער־שטאָכענע, די פארמוטשעטע?..

די קליינע כאנעלע האָט זיך אָנגעטופּעט פארן טאָג, זיך אָנגעוואָ־רעמט אף דער זון, אָנגעטרונקען זיך מיט פרישער לופט, האָט זי אופ־געגעסן א שטיקל ברויט מיט אן עפּל, זיך איינגעטאָכטעט בא דער

מוטער אפ די קני און אנשלאָפנ געוואָרנ, די בעקלעכ האָבנ זיכ גע-
רויטלט, געבליט פונ שלאָפ.

ניט דער ארומיקער געפילדער, ניט די שיכערײַ האָבנ זי ניט גע-
קאָנט אופוועקנ. די מוטער האָט מיט צאַר געקוקט אפנ קינד, די אויגנ
פונ דעם ניט אוועקגענומענ. א טרער האָט זיכ אראָפגעקײַקלט און
זיכ אָפגעשטעלט אפ דער באק. א פעסט געבויטע מיטליאָריקע פרוי
מיט אײַנגעהאלטענע באוועגונגענ און אײַנגעהאלטענע רייד, האָט זי
איצט ווי אלעמאָל קארג ארויסגעוויזנ איר אינווייניקסטע צערודערונג.

אז ס'איז געקומענ די מינוט, מע האָט געמוזט אופשטיינ און גיינ,
האָט זי גענומענ דאָס קינד אפ די הענט. ס'איז געווענ א וואָגיקס. מע
האָט זיכ געדארפט אָנשטרענגענ צו טראָגנ עס. דאָס האָט געצווונ-
גענ האָבנ אינ זינענ די לאסט און ניט איבערגעלאָזט קיינ אָרט פאר
אנדערע געדאנקענ. באנעלע האָט צוטרוילעכ פארוואָרפנ דאָס קעפל
צו דער מוטער אפנ אקסל. בעבע, איר ליאלקע, איז איר געקומענ צו
באָלעמ. „עס, בעבעלע, עס, ווערסטו גיכער וואקסנ. ס'איז מיט עפל“..
האָט זי פונ שלאָפ דײַטלעכ ארויסגערעדט און באטאמט א קנאל גע-
טאָנ מיטנ צינגל אָנ גומענ.

אלע ארומ דעם קינד, דער נעענטערער קרײַז מענטשנ און אויכ
די ווײַטערע, וואָס האָבנ עס געזענ, האָבנ זיכ באמיט ניט צו ראַשנ,
ראכיל איסאקאָוונע האָט אײַנגעשטילט איטלעכנ, ניט געלאָזט הייבנ
קיינ קאָל.

— זאָל עס שוינ גלײַכער זיכ ניט אופכאפנ. — האָט מענ עס באַ-
גיטיקט.

— זאָל עס כאָטש ניט וויסנ פונ קיינ מאטערניש.

— אזא געזונט ביימעלע, אזא שײַנענדיקע זונ!

— שש... רעדט ניט קיינ איבעריקס. די הערצער זײַנענ אזוי אויכ...

ראכיל איסאקאָווגע איז איבערגעגאנגענ פונ איינ ריי צו דער אנ-
דערער, אמאָל זיכ דורכגעשמועסט פאָרויס, אמאָל צוגעוואָרט אפ די
הינטערשטע, דערמונטערט דעם מיט א וואָרט, יענעם מיט א בליק,
א גלעט, א דריק דעם אָרעמ. מיט ליבשאפט האָט זי געקוקט אפ דער
שוסטערקע. „הערט, הערט!“ האָט זי אופמערקזאמ געמאכט אפ אירע
רייד און אלעמאָל באגײַסטערט אויסגערופנ:

— אָט דאָס איז א ייִדענע! אָט דאָס איז א קאָזאק!

און אָט האָט זי שוינ אינ אנ אנדער ווינקל עמעצנ אײַנגערערט:

— נו, וואָכ גיט דאָס ווייגענ? נאָר די מערדער פארגעניגנ... ייִדנ!
ווײַבער! מוטיקער א ביסעלע! פארגעסט ניט, ווער איר זײַט — עלטערנ
און שוועסטער פונ רויטארמייער. מיר זײַנענ אפנ פראָנט. שטארקער
א ביסעלע, שטאָלצער! העכער די קעפ!..

איר קיילעכיק פאָנעמ מיט די שוינ גאנצ באמערקלעכע קנייטשנ
האָט אויסגעזענ, ווי בא א פארשווערער אינ דער מינוט, ווענ ער גיט
אָפ די פארטרויטע דעמ פאראָל צומ ארויסטריט. איר שטיל קאָל האָט
געקלונגענ מיט קראפט. אפ א ווײַלע האָט עס דאָ און דאָרט אָפגע-
שטעלט די טרערנ, געצוואונגענ נעמענ זיכ אינ די הענט.

— גייט מיט אונדז, מוטער ראָכל, זײַט מיט אונדז. — האָט מענ
זי געבעטנ אומעטומ. און ווידער האָט זי געפילט, אז זי מוז עפעס

פאר די מענטשן אין דער לעצטער מינוט. „ווי די קינדער זײַנען זיי דאָך, — האָט זי געטראַכט מיט ליבשאַפט, — אַ גוט וואָרט, אַ גלעט, לעבן זיי אויף“...

רעב נאַכמענ האָט געלאָזט די מעכוטענעסטע גיין אַליין, נאָר פונ־ווײַטן געהאַלטן זי אין אויג, אַרטיאָמ איוואַנאָוויטש האָט זיך אויסגע־גלײַכט מיט אים.

— מאָזשנאָ מעני ז וואַמי? — האָט ער געפרעגט העפלעך אַף אוק־ראַיִניש.

— פּראָשו.

אַזוי זײַנען זיי געגאַנגען האַנט־בײַ־האַנט. אַרטיאָמ איוואַנאָוויטש — אַן אונטערגעגאַרטלטער, מיט גראָדע אַקסלען, מיטן שטענדיקן שאַרפן פײַערל אין די אויגן, האָט אַ ווײַלע אָנגעקוקט דעם שאָכן.

— זאָגט מיר. — האָט ער זיך אָפּגערופן. — אָט איצט, וועגן וואָס טראַכט איר, אַשטייגער?

רעב נאַכמענ האָט ניט געוואָלט צו ענטפערן.

— איך קוק אַף מײַן מעכוטענעסטע, — האָט ער געזאָגט, — ווי פאַרענדערט זי האָט זיך, וויבאַלד זי האָט זיך איבערגעטאָן... און נאָך. טראַכט איך: ווער זײַנען זיי? איך מיין — אָט די דײַטשן. מענטשן דאָך, און אַף אַזוינס קאַפּאַבל, דאָס שרעקט מער פון אַלץ...

— ניט קיין מענטשן — שלענג.

— יאָ, פאַרשטייט זיך... מיר, ייִדן, האָבן שטענדיק געלעבט מיטן גלויבן אין מענטשן, געוואַרט אַף מענטשלעכקייט. נאָר איצט איז שוין, אַפּאָנעם, ניטאָ אַף וואָס און וועמען צו וואַרטן. מער קאָן מען שוין ניט אָפּלייגן... ווער סע וויל לעבן, מוז זיך שלאָגן...

— קלאָר. ווי זשע אַנדערש? איך בין שוין אַלט, נאָר גיט מיר אַ ריכטיק ביקסל! אַ שאָד, די הענט זײַנען ליידיק... און טראַכטן טראַכט איך, זאָגן וועגן וואָס?

— זאָגט.

— וועגן אַ גוטער ליולקע טאַבאַק. געהאַט מיט זיך אַ ביסל, שוין אויסגערייכערט.

— אַ פּאַפּיראָס קאָן איך אײַך געבן.

— גיט.

נאָך אַז רעב נאַכמענ האָט געעפנט דעם פּאָרטציגאַר, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָרט איז סאַכאַקל דאָ איין פּאַפּיראָס.

— איר קאָנט נעמען — האָט ער פאָרגעלייגט.

— ניין, סײַדן זיך צעטיילן.

פאַרשטעלנדיק זיך פון די דײַטשן, האָבן זיי עס געטאָן. צום ריוו איז נאָך געבליבן עטלעכע טריט, איז שוין דער פּאַפּיראָס געווען בײַ רעב נאַכמענען אין מויל, און די דלאָניע פון דער רעכטער האַנט איבער דעם ווי אַ דעכעלע. אַרטיאָמ איוואַנאָוויטש האָט צוגעטראָגן פײַער, געקוקט, ווי דער באַוווער רייכערט, און מיט אומגעדולד געוואַרט אַף זײַן טייל. אַז ער האָט אים באַקומען, האָט ער זיך זשעדנע פאַר־צויגן איין מאָל און נאָכאַמאָל און פאָרזיכטיק אַרויסלאָזנדיק דעם רויך, אַכטונג געגעבן, וואָס פון היטן טוט זיך. וויפל האָט ער נאָך צײַט...

רעב נאכמענ האָט געקוקט אפ די ראָצכים, אפ זייערע פענעמער, זייערע באוועגונגענ. „ווער זײַנענ זיי“?... האָט עס אימ געמוטשעט, ניט אָפגעלאָזט. ער האָט געוואָלט אונ ניט געקאָנט עס פארשטיינ. די אויגנ זײַנענ אימ געווענ מיד פונ טרויער. מענטשנ האָבנ זיכ געזעגנט איינע מיט די אנדערע, אונ זייער געוויינ האָט געקלונגענ אזוי עלנט אונטערנ גרויסנ פארנאכטיקנ הימל.

סימע איז א ווײַסע געשטאנענ איינזאמ אונ געמאכט מיט די ליפנ, עפעס געשעפטשעט, א לעצטע טפילע, ווײַזט אויס. כאנעלע איז גאָר אלצ געשלאָפנ. די מוטער האָט זי געטוליעט מיט אנ אויערל צו דער ברוסט אונ מיט דער דלאָניע דאָס צווייטע פארדעקט. ראכיל איטאַקאָווגע האָט געקוקט אפנ קינד מיט פארליבטע אויגנ. פלוצעמ האָט זיכ געלאָזט הערנ דער שוסטערקעס קאָל:

— אנו, בערטשיק, גיב מיר דעמ שטיינ. דיר איז נעענטער צו דער ערד, ווי מיר.

ער האָט איר טייקעפ דערלאנגט צו דער האנט, וואָס זי האָט געבעטנ.

— אנו, ווילדע כײַעס! — האָט זי אויסגעשריענ אונ מיט קויעכ א וואָרפ געטאָנ דעמ שטיינ אפ די דײַטשנ.

* * *

זעקס הונדערט איינ: אונ פערציק מאנ האָבנ די היטלעראָווצעס דעמ פארנאכט באמ ריוו אויסגעהארגעט: אלטע לײַט, פרויענ, קליינע קינדער. די ערד איז געווענ נאס פונ פארגאָסענעמ בלוט. ווי אָנגעוואָרפנ געהילצ, זײַנענ די הארוגימ געלעגנ, צוגעדעקט מיט א דינעמ שיכט זאמד, דאָ אונ דאָרט ארויסשטארצנדיק מיט א שוואכ־צוגעשאָטענעמ אקסל, אנ אויסגעדרייטנ עלנבויגנ, א טייל פוס. דער ריוו פונ עק צו עק איז געווענ פארוואלגערט מיט זיי, אופגערודערט־פול ביז די ברעגנ. די גאנצע נאכט נאָכדעמ האָבנ מענטשנ ווײַט ארומ געהערט, ווי סע קרעכצט די ערד.

יענעמ אָוונט האָבנ די דײַטשנ צונויפגעלייגט פונ די אָנגעראבעוועטע זאכנ פעקלעכ פאר דער פאָטשט, געשריבנ בריוו צו קרויווימ אונ געליבטע. זיכ איבערגענומענ מיט דער ארבעט, וואָס זיי האָבנ אָפגעטאָנ, אונ מיט די שיינע מאטאָנעס, וואָס זיי שיקנ אהיימ.

דאָס איז געשענ הארבסט 1941 אינ ניט קיינ גרויסער שטאָט אפ אוקראיִנע.

—★★★—

# געבורטס־טאָג

## 1. וועמעס בינ איכ איצט?

ארקע איז אפ דעמ שליאכ געווענ דער איינציקער, וואָס איז געגאנגענ אפ מיַרעוו; אלצ האָט זיכ באוועגט אפ מיזרעכ: פוסגייער, פורנ, מאשינעס. זיַנ גרויסער ניט לויט די יאָרנ אויסגעוואקסענער גופ האָט אומגעדולדיק געשטרעבט פאָרויס. דאָס פּאָנעמ איז אימ געווענ פארפלאמט אונ פארשטויבט, די ליפּנ — צעעפנט פאר אָנשטרענגונג.

— וווּהינ? — אינ גענעמ?! — האָבנ אנטקעגנ אָנקומענדיקע זיכ געכידעשט.

— מיַנ מאמע, — האָט ארקע אָנשטאָט צו ענטפערנ זיכ נאָכגעפרעגט, — מייטע קאראס, איז ניטאָ צווישנ איַכ? קיינער האָט זי ניט געזענ?

די דיַטשנ האָבנ זיכ געלאָזט וויל גיינ, צעבאָמבירט דאָס אומבאשיצטע שטעטל, נאָכדעמ פונ ציַט צו ציַט געפלויגנ נידעריק איבער די אנטלויפנדיקע אונ באשאָסנ זיי פונ קוילנוואָרפער, דאָ אונ דאָרט אפנ וועג אונ לעבנ וועג האָט זיכ געוואלגערט א קערפער פונ א פרוי, א זאָקנ, א קינד. ארקע איז געקראָכנ אינ אלע גראָבנס, גענישטערט איבער אלע וועלדלעכ, ארײַנגעקוקט אינ פּענעמער פונ טויטע אונ פונ לעבעדיקע, אויסגעפרעגט באקאנטע אונ אומבאקאנטע. קיינער האָט אימ ניט געקאָנט זאָגנ, ווו זיַנ מאמע איז. זי איז דאָרט אומגעלאָפנ מיט דער טאָכטער איבער די ברענענדיקע גאסנ א צעטומלטע, גלײַכ ווי אלע, נאָר וואָס מיט איר איז געוואָרנ — ווער קאָנ עס וויסנ אינ אזא צעמישעניש?

דער זומערדיקער טאָג איז אויסגעגאנגענ. פלאמענ אונ רויכנ פונ שרייפעס, אויסגעמישט מיט די פארבנ פונ דער שקיִע, האָבנ זיכ צעוואָרפנ ברייט אונ הויכ איבערנ מיַרעוודיקנ הימל אונ אינ דעמ ריזיקנ שפיגל געוויזנ א מוירעדיקע שפּיל, א פאָרשטעלונג פונ דעמ, וואָס אונטנ האָט זיכ געטאָנ. פונ דער ערדישער טיפ האָבנ זיכ געלאָזט הערנ שווערע, נידעריקע דונערנ. אפנ שליאכ איז אלצ ליידיקער געוואָרנ. א לעצטע מאשינ איז אדורכ, א פארשפעטיקטער אנטלאָפענער מיט א בלוי פּאָנעמ איז פארביַ, ניט באנעמענדיק, וואָס מע רעדט צו אימ. א וויסטקייט האָט זיכ געלייגט אפ דער געגנט, א פינצטערניש איניינעמ מיט א בייזנ אָפּשײַנ פונ די צונערוקטע פיַערנ.

ארקע איז אלצ געגאנגענ פאָרויס, אָפט אונטערגעלאָפנ פאר אומגעדולד, ארויסגעלאָזט א הילכיקנ קינדערשנ היכצ פאר הארצווייטעק. ער האָט זיכ זייער גענערגערט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט די מוטער אליינ אינ אזא צײַט. כאָטש געטאָנ האָט ער עס טאקע צוליב איר, ניט געקאָנט צוזענ, ווי זי האָרעוועט איבער די קויכעס אינ אנשטאלט אונ אינ שטוב — קיינ טאטע איז שוינ לאנג ניט געווענ — זי קויפט אײַנ, קאָכט, וואשט, רוט זיכ קיינמאָל ניט אויס. ער האָט גערנ געפאָלגט א גאנג, אָנגעהאקט האָלצ, אז מע האָט געדארפט, פאריכט א צעפאָרנ בענקל, נאָר דאָס האָט אזוי ווייניק פארגרינגערט איר אָל. ער האָט זיכ אָפט צוגעקוקט צו איר: ס'ארא קליינינקע, א דארינקע זי איז, פריצײַטיק געעלטערט, מיט א גערונצלט פענעמל — דאָס גאנצע לעבנ אירס האָט ער פונ די רונצלעכ געלייענט, ווי פונ א שריפט. בלויז די גרויסע שײַנע אויגנ האָבנ נאָכ אײַנגעהיט א קאפ גלאנצ, אויכ מיינסטנס אײַנגעטונקט אינ צאר אונ זאָרג, זעלטנ ווענ סע ווײַזט זיכ אינ זיי א שמייכל, וואָס טוט אזש א ברי באם הארצ, אזא טײַערע מאמענע איז עס. אונ ער, א ווערגעלעצ מיט אנ אפעטיט פונ א העלפאנד, ווי ער האָט זיכ אליינ אינ גערדאנק אָנגערופנ, ליגט אפ אירע שוואכינקע פלייצעס... נאָכנ נײַנטנ קלאס האָט ער באשלאָסנ אוועקווארפנ די שול אונ גיינ ארבעטנ אינ צוקער=זאוואָד, וואָס האָט זיכ געפונענ עטלעכע אונ צוואנציק קילאָמעטער פונ שטעטל. מייטע האָט געוויינט, אונ ער האָט זי געטרייסט:

— קיינ גראָבער יונג בינ איכ ניט. א גוט ביכל האָב איכ ליב, וואָס מיר פעלט, וועל איכ זיכ פאמעלעכ צולערנענ בא דער ארבעט, אונ דו רו שוינ אָפ א ביסל, האָסט פארדינט.

א גרויס=קערפערדיקער, האָט ער פונוועטנ אויסגעוויזנ, ווי א דערוואקסענער מאנצבל, א גוואר, נאָר דאָס צארטע פוכל אונטער די שלייפנ אונ אפ דער ליפ אונ עטוואָס קינדישעס אינעם בליק אונ אינ די פארקײַלעכונגענ פונ די באקנ האָבנ אויסגעגעבנ זײַנע זיבעצנ יאָר. ער האָט זייער געבענקט אינ דער פרעמד, איבערהויפט אינ די פרײַע טעג, אונ אָפט אפ אנ אופגעכאפטער פראכט=מאשינ אָדער צופוס — ס'איז אימ גאָר ניט געווענ שווער — פלעגט ער פלוצעמ אראָפקומענ אפ עטלעכע שעה אהיימ.

איצט האָבנ פאר זײַנע אויגנ געברענט די שטעטלדיקע הײַזער, איטלעכס מיט זײַנ פלאמ, דײַטלעכ פונ אונטנ ביז ארופ. אויכ זייער שטיבל אפ דער הינטער=גאס — מיט שכייניש אינ קאָמפאניע. ס'איז געווענ א שטילער אָוונט. די אראָפגעזעצטע פײַערנ זײַנענ אופגעגאנגענ ריינ אונ פרידלעכ, קימאט אידיליש. קיינ שאָסנ האָט מענ ניט געהערט. די רויטע ארמיי איז אוועק. די דײַטשנ זײַנענ נאָכ ניט ארײַנ, קיינ אײַנוווינער האָט מענ ניט געזענ. אפ די גאסנ האָבנ זיכ געוואלגערט צעשמעטערטע קערפערס אונ טיילנ פונ קערפערס. צווישנ זיי אנ עלטערע פרוי — די מאמע, א הײַפעלע ביינער, פארפלאָנטערט אינ ציצענע קליידלעכ, נאָר דאָס פאָנעמ אומגעשעדיקט, אײַנגעצויגנ אונ קליינ, נאָכ קלענער, ווי באמ לעבנ. ס'איז געווענ ליכטיק, ווי אינ העלנ טאָג. א שווארצער הונט האָט געלעקט פונ א זשאווערדיק=רויט פלאָמקעלע. א מינוט האָט ארקע אָנגעקוקט אָט דאָס אלצ, א מינוט

אַנ אייביקײַט, פאַרגליווערט, אויסגעשלאָסנ פונעמ צײַט־שטראָמ... מער האָט ער ניט געקאָנט בלײַבנ אַפ דעמ אָרט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָנ דעמ קערפּער אַפ די הענט אונ אַוועק מיט אימ פונ אָט דער שווי־דערלעכער באַלויכטנקײַט אינ דער נאַכט, אינ דער פינצטערניש אַרײַנ.

באַגאַפנ מיט שוויס, סאָפּענדיק פאַר אָנשטרענגונג, איז ער געלאָפנ אונ זיכ ניט אומגעקוקט אַפ צוריק. דער טויבער טופּ פונ די שטיוול האָט געקלונגענ איבערנ שטומענ וועג. נעענטער צומ וואַלד, אינ שאָטנ, איז ער אַראָפּגעפאַלנ אינ אַ קאַנאַווע אונ לאַנג שוינ געבליבנ דאָרט ליגנ איבערנ קערפּער, אַ צײַט געשוויגנ, דערנאָכ זיכ צעוויינט: אָנ בושע, אָנ אָפּהאַלט האָט ער פרײַ געלאָזט דעמ לאַנג־אײַנגעהאַלטענעמ שטורעמ, געשטילט זיכ אַפ אַ רעגע, געשלונגענ די טרערנ אונ ווידער זיכ צעיאָמערט, גערופנ „מאַמע!“, ווי אַ קלייניגקער, גערופנ די שוועסטער, דעמ לאַנג־פאַרשטאָרבענעמ טאַטנ, דערמאָנט זיכ, געזענ פאַר די אויגנ: די שטוב מיטנ געלבלעכ־ראָזנ טשערעפּענעמ דאַכ, די שכייניש שטיבלעכ — די מישפּאָכעס פאַר די טירנ, די נײַ־געפּלאַנצטע ביימער בײַ די זײַטנ פונ זייער גאַס — זיי האָבנ זיכ אַזוי שיינ צוגענומענ — דעמ נײַעמ טיפנ ברונעמ אַפנ ראָג — מיט אַזאַ פריש, באַטאַמט וואַסער. אַלצ פאַרברענט, פאַרלענדט, לעבעדיקערהייט אָפּגעריסנ פונעמ האַרצנ, אַוועק מיטנ רויכ אונ וועט זיכ שוינ קיינמאָל ניט אומקערנ. דער ווײ, דער באַוווסטזײַנ פונעמ ווײ איז אָנגעוואַקסנ, ווי אַ שטורעמ, אויפגערודערט די טיפנ, געשאָקלט די יעסוידעס פונעמ זײַנ.

סאָפּקאָלסאָפּ האָט ער זיכ געשטילט. צוגעשאָטנ דעמ קערפּער מיט אַ ביסל ערד פונעמ ראַנד, אָפּגעזוכט עטלעכע צווײַגנ אונ מיט זיי צוגעדעקט דאָס אָרט, דאַנ פּאַמעלעכ אַוועק ווײַטער. אויפבליפּענדיק פונ מאָל צו מאָל, האָט ער אָנגעטאַפּט אינ קעשענע דעמ היפּשנ קרײַעצ ברויט, וואָס ער האָט פאַרכאַפּט מיט זיכ אַפנ וועג אונ געהאַט פאַרגעסנ אינ דעמ, אונ גענומענ עס קײַענ. דאָס האָט באַרויִקט. אַ מידקײַט האָט פאַרביטנ די גרויסע אויפרעגונג. דער קאָפּ האָט זיכ געבויגנ פאַר שווערקײַט. ער האָט געקײַט מיט פאַרמאַכטע אויגנ, ס'האָט געצויגנ זיכ אַנידערלייגנ. ווענ ס'איז שוינ פונעמ ברויט קיינ ברעקל ניט געבליבנ, האָט ער געמאַכט עטלעכע צענדליק טריט פונ וועג, לעבנ אַ קוסט זיכ אַראָפּגעלאָזט אַפ דער ערד, באַהאַלטנ דאָס פּאָנעמ אינ עלנבויגנ אונ באַלד פאַרזונקענ אינ שלאָפ.

עמעצער האָט אימ געטאָרעט באַמ אַקסל, האָט ער נאָכ זשעדנער זיכ געקלעפּט צומ אָנגעוואַרעמטנ שטיקל אָרט, נאָכ טיפער, איבער די אויערנ, פאַרניורעט דעמ קאָפּ אינעמ אַרופגעצויגענעמ קעלנערל פונעמ פּידזשאַק. ער האָט געהערט, אַז מע וועקט אימ, נאָר ניט געדענקט, ווו אונ ווענ, אונ ווי אינ דער היימ, בײמ די מאַמע פלעגט אימ וועקנ גאַנצפרי, האָט ער ניט געוואָלט הערנ, ניט געקאָנט זיכ אָפּרײַסנ פונ שלאָפ. מע האָט אָבער ניט אָפּגעלאָזט, אַלצ שטאַרקער געטרייסלט. אַנ אָנגעכמורעטער האָט ער זיכ אויפגעהויבנ, ציטערנדיק פונ דער פאַרטאָגיקער קעלט, פאַרנעפּלט אָנגעקוקט דעמ, וואָס פאַר אימ. די זונ איז נאָכ ניט אויפגעגאַנגענ, נאָר ס'איז שוינ געווענ גוט ליכטיק.

— קיריל פעטראָוויטש!

פאר אים איז געשטאנענ זײַנ געוועזענער שול־לערער. „קאטעגאט און סקאגעראק“, האָט זיכ ארקע דערמאָנט די נעמענ פונ די צוויי דורכגוסנ, וואָס ער האָט אינ שול א לאנגע צײַט בעשומויפנ ניט געקאָנט אויסריידנ ריכטיק און געהאט דערפונ א סאכ אגמעסנפעש. „קאטעגאט און סקאגעראק, סקאגעראק און קאטעגאט“ האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעכאזערט אינ געדאנק. דאָס הארצ האָט געברענט, ווי א ווונד.

— מע דארפ גיינ, וואָס? — האָט ער זיכ ענדלעכ אויפגעכאפט פונ זײַנ פארלוירנקײַט.

— וווהינ?

— צו אונדזערע.

— ס'איז ניט אזוי פראָסט. די דײַטשנ זײַנענ שוינ דאָ ארומ און ארומ.

קיריל פעטראָוויטש האָט זיכ געלאָזט שפאנענ טיפער אינ וואלד ארײַנ. זיכ אָפגעשטעלט, אפסנײַ אָנגעקוקט דעמ באָכער און געגאנגענ ווײַטער. ארקע איז אימ נאָכגעגאנגענ. א פארוואָגלטע שטוב־כײַע קלעפט זיכ אזוי צו אמאָל צו א באגעגנטנ מענטשנ, האלט זיכ א פאָר טריט פונ הינטנ, נאָר שטייט ניט אָפ, וווהינ דער מענטש זאָל זיכ ניט קערנ.

— וואָס־זשע טוט מענ מיט דיר? — האָט קיריל פעטראָוויטש א פרעג געטאָנ.

ארקע האָט גאָרניט געזאָגט.

— סײַדנ איבערלאָזנ דיכ בא אונדז? ביסט אנ ערלעכער יאט, אָפ וויפל איכ קענ דיכ. לעבסט גוט מיט כאווײרימ, געזונט ביסטו, ווײַזט אויס...

ארקע האָט געשוויגנ.

— איז וואָס וועסטו זאָגנ? — האָט קיריל פעטראָוויטש פארלאנגט ענטפער.

— יאָ. לאָזט מיכ איבער לעבנ זיכ, — האָט דער באָכער ענדלעכ זיכ אָפגערופנ.

באטאָג איז ער געזעסנ אינ א רעדל יונגווארג. מע האָט גערײַניקט די ביקסנ, געזונגענ מיט א שטילנ קאָל, זיכ איבערגעוואָרפנ מיט עטלעכע ווערטער און ווידער עפעס אָנגעהויבנ זינגענ. ארקע האָט אונטערגעהאלטנ. פונ שול און פונ גאס האָט ער געוווּסט א סאכ אוקראַינישע לידער; וואָס ער האָט ניט געוווּסט, האָט ער גיכ אויפגעכאפט, לײַכט זיכ ארײַנגעפאסט אינ טאָנ און ריטמ פונעמ געזאנג. דאָס האָט אימ אָנ איבעריקע רייד געייניקט מיט דער כעווערע, די געפילנ, ווי די שטימענ צונויפגעגאָסנ אינ איינ אומגעצווונגענעמ פליסנדיקנ שטראָמ.

די זונ האָט געווארעמט. א ווינט האָט געמעסיקט איר פלאמ, פאסנ שײַנ און גרינגע שאָטנס האָבנ זיכ געוויגט פאר די אויגנ. א ברייטער גערויש האָט זיכ געכוואליעט אינדערלופטנ, ווי א טײַכ. די געשעענישנ, וואָס זײַנענ געווענ, און די געשעענישנ, וואָס זײַנענ פאר־

געשטאנענ, האָבנ זיכ צערוקט אונ ארײַנגעלאָזט אַט די גוטע שאָ, אויסגעבאָדנ דאָס לײַב אינ איר היילנדיקנ וואסער.

— ווי הייסטו? — האָט עמעצער א פרעג געטאָנ.

ארקע האָט ניט באלד זיכ אָפּגערופנ.

— רופט מיכ וואניא. — האָט ער אומזיכער געזאָגט.

גאָר זײַנ פארצווייפלונג האָט זיכ אויסגעדריקט אינ אַט דעמ זאָג. א ווילנ פארגעסנ אָנ דעמ, וואָס איז געשענ, פארגעסנ זיכ אליינ, צוקלעפּנ זיכ צו עמעצנ, אויסמישנ זיכ מיט די כעוורע, א מוירע זיכ אונטערצושיידנ מיט וואָס ניט איז. „ווּעמענ האָב איכ נאָכ אבוצ זײַ?" האָט ער זיכ פארענטפערט אינ געדאנק.

באמ אוילעמ איז עס ניכע געווענ, כאָטש מע האָט געוווּסט, פונ וואנענ ער שטאמט. נאָר קיריל פעטראָוויטש, אז ס'איז צו אימ דערגאנגענ, האָט זיכ פארכידעשט:

— האָסט דאָכ א נאָמענ: אראָנ, ארטשיק, מיט וואָס איז ער שלעכט?

ארקע איז געשטאנענ טיפ אראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ, געוואָרנ שטיל.

— ניט שלעכט. נאָר ווער דארפ אימ נאָכ, יענעמ נאָמענ?.. ווע־מעס בינ איכ איצט? ווּעמענ האָב איכ נאָכ? אײַכ, די כאוויירימ...

— נו, יאָ. ריכטיק...

— טאָ זאָל איכ... זאָל איכ שוינ זײַנ אינגאנצנ אײַערער.

— בא אונדז איז ניטאָ קיינ כילעק.

— ווער זאָגט. איכ האָב גאָר געוואָלט... איכ שעמ זיכ ניט מיט מײַנ נאָמענ, פארקערט...

ער איז רויט געוואָרנ, פארצווייפלט א מאכ געטאָנ מיט דער האנט, מער ניט געקאָנט ריידנ. אינ אָטריאַד איז שוינ אזוי פאר־בליבנ — וואניא.

## 2. אינ קלעמ

ארקע האָט קיינמאָל ניט געדערט וועגנ דעמ. וואָס ער האָט פאר־לוירנ, אונ ניט ארויסגעוויזנ קיינ קענטיקנ טרויער. פארברוינט פונ גאנצע טעג אומגיינ אפ דער זונ, האָט ער אויסגעזעענ מענערישער, ווי פרִיער. מאכמעס פארלעגנהײַט האָט ער עטוואָס געהויקערט די צע־וואקסענע פּלייצעס, נאָר ניט געקאָנט באהאלטנ זייערע מאָכנ. אָפּטער ווי מיט אלעמענ האָט ער זיכ באגעגנט מיט קאַטיענ. זי איז געווענ עלטער פונ אימ מיט א יאָר פינפ אונ געהאט א מאנ א פליִער אפנ פראָנט. דאָס האָט זי דערהויבנ אינ זײַנע אויגנ, געשטעלט אינ אנ אָפּגעזונדערטנ קרײַז. זי האָט אויסגעפירט די געפערלעכסטע שליכעסנ אינ אָטריאַד, איז געווענ אנ אויסגעצייכנטע סנײַפּערנ, אונ אינ די פרײַע טעג האָט זי געלאַטעט, פארגלעט אלערליי קליינע אומגליקנ, וועלכע די מאנצבלענ האָבנ, אויסווארטנדיק איטלעכער זײַנ ריי, געטראָגנ צו איר אינ קורינ: א גוואלד־ריימ אינ דער שינעל, א פליק אינעמ העמד, א לאָכ אינ די הויזנ.

זי זיצט איבערנ געניי, אונ ארקע — געגנוג אָפּגערוקט — בא דער זײַט. ער קוקט אפ איר. זי איז א מיטלוווּקסיקע, א געטאָקטע, מיט א

באכיינט קײלעכיק פּאָנעם. אלצ אינ איר איז צוגעקליבנ אונ געפּאסט איינס צו איינס, אומעגלעכ זיכ פאָרצושטעלנ עפּעס אנדערש, ווי ס'איז. זי שווײגט, אירע אויגנ זײנענ אראָפּגעלאָזט צו דער ארבעט, וואָס ליגט אפּ די קני. ווענג וואָס קלערט זי איצט? ווענג איר פּעדיענ, געווים. אונ ארקע האָט נאָר איינ זאָרג: ניט שטערנ, ניט צעשלאָגנ איר די געדאנקענ, וואָס וויניקער פּארנעמענ איר אויפמערקזאמקײט. אים איז גוט פונ דעמ אליינ, וואָס זי איז נאָענט. פונ איר נאָענטקײט גייט א באוועגונג, ווי פונ א טײכ, אז דו ליגסט בא זײנ ברעג: ווערקט אונ שטילט, בארויקט אונ פילט אָנ מיט לעבנ.. אויכ קאטיענ איז געווענ צום הארצנ דעמ באָכערס געזעלשאפט, וואָס האָט אזוי וויניק פּארלאנגט פונ איר אונ דערבײ געדינט ווי עפּעס א צוים אינ אָט דעמ אומפּארצוימטנ אָרט.

די כאווײרים האָבנ ארקענ ליב געהאט, גערנ גענומענ אים אינ קאָמפּאניע צו פּארשיידענע אָפּעראציעס, גערנ פּארבעטנ צום אָנטייל אינ א סודע, אפּ וועלכער ער איז שטענדיק געווענ א באלנ, צו געזאנג. „וואניא!“, האָט זיכ אלעמאָל געלאָזט הערנ פונ עמעצנ א רופּ, איבערהויפּט, אז מע האָט אים גענוענ זיצנ לעבנ קאטיענ, אונ ער פלעגט שמייכלענדיק זיכ אופהייבנ אונ, עטוואָס אָנבייגנדיק דעמ אויסדריקלעכנ קארק, גיינ, וווהינ מע האָט אים גערופנ.

אינ איינעמ פונ יענע טעג האָבנ עטלעכע פּארטיזאנער זיכ פּארקליבנ אינעמ געדיכטנ לאָזניאק א זעכציק מעטער פונ א טײכל, צו וועלכנ די דײטשנ פלעגנ קומענ זיכ באָדנ. ארקע איז געווענ אינ קאָמפּאניע. ער האָט גוט גענוענ די, וואָס אפּנ ברעג, הייס אָטעמענדיק, צו זיי זשעדנע זיכ צוגעקוקט; אָט זײנענ זיי פּאר אים, די פּײנט — נאקעטע. בא דעמ צווייטנ פונ רעכטס — א ברוינע געבורט־פּליאמע אפּנ ווײכנ לײב נידעריקער פונ דער לאָפּעטקע... אָט אפּ דער פּליאמע האָט ארקע אָנגעשטעלט די ביקס, אונ אויסגעשאָסנ. דער דײטש איז געפאלנ, באלד זיכ אונטערגעהויבנ אפּ איינ האנט אונ עפּעס אויסגעשריענ. דאנ האָט ארקע איבערגעכאזערט אונ אים שטום געמאכט. דאָס איז געווענ זײנ ערשטער שאָס אינ א לעבעדיקנ ציל, ער האָט געשפּירט די קויל, ווי ער וואָלט זי אומיטלבאר געשיקט פונ דער האנט, געשפּירט, ווי זי איז ארײנ אינ דעמ פּארהאסטנ קערפּער. אינעווייניק האָט דערפונ געבריט, ווי פונ א טרונק בראנפנ. ס'האָט זיכ געגלוסט נאָכ. ער האָט זיכ ווידער אָנגעמערקט אינעמ, געטאָנ עטלעכע שאָסנ, נאָר אלצ אומגעראָטנ. פּירענ האָבנ די פּארטיזאנער אנידערגעלייגט. די איבעריקע זײנענ געלאָפנ צום דאָרפּ. פונ דאָרטנ האָט מענ שוינ געצײלט זיי אנטקעגנ. ווײטער איז דאָ ניט געווענ וואָס צו זאמענ.

כעוורע האָבנ צוריקוועגס געשאצט די אָפּגעטאָנענע ארבעט, געלויבט ארקענ, ווי פלינק ער האָט דעמ פריצ אנידערגעלייגט. ארקע האָט געקוקט אפּ די כאווײרים, געשמייכלט, נאָר שוואכ באנומענ, וואָס זיי ריידנ, פּארטאָנ אינ זיכ, אינ עפּעס א נײ געפיל, אנ אומרו, וואָס האָט אינעווייניק גענאָגט, געמאָנט.

עס האָט ניט אָפּגעלאָזט ניט אינ דעמ טאָג, ניט אינ די ווײטערדיקע טעג. ער האָט אליינ ניט געוווסט, וואָס מיט אים איז, כאָטש ער האָט נאָכ קיינמאָל ניט געטראכט ווענג זיכ אזויפיל, ווי איצט. איינס איז

אים געווענ קלאָר: די שטילקײַט, וואָס דער וואלד האָט אים די ער־
שטע צײַט געבראכט, איז אוועק אונ וועט זיכ ניט אומקערנ. אפילע
קאטיעס נאָענטקײַט האָט שוינ ניט געגעבנ די רו, וואָס פריער.

קיריל פעטראָוויטש האָט געקרענקט אפ מאליאריע, נאָר געהאלטנ,
אז ס'איז ניט קײנ קרענק. אינ די ערשטע שאָענ, ווענ די היץ איז
נאָכ קלײנ אונ וואקסט אָנ, איז ער געווענ טעטיק אפילע מער ווי גע־
ווײנלעכ. אינ דער גאָר הויכער היץ איז ער געלעגנ בא זיכ אנ אָפגע־
זונדערטער, אָנגעדעקט איבערנ קאָפ, מיטנ רוקנ צו דער טיר, אונ
באלד ווי ס'האָט אים אָפגעלאָזט, איז ער ווידער ארויס אפ דער שײַנ,
אנ אויסגעמאטערטער, נאָר ווי שטענדיק, שטרענג אײַנגעהאלטנ אונ
אופמערקזאם.

אָט דעם נאָכמיטיק האָט עס אים, קענטיק, באנײַס געפיבערט, ער
איז אומגעגאנגענ פונ אָרט צו אָרט, אריבער פונ אײנעמ צומ אנדערנ,
געטריבנ פונ אינערלעכנ אומרו, אלץ רעווידירט, וועגנ איטלעכנ גע־
זאָרגט. ער איז פונקט געווענ מיט עמעצנ פארנומענ, ווענ ער האָט
דערזענ ארקענ.

— קאראס, — האָט ער אים אָפגעשטעלט, — ווארט צו. איכ דארפ
מיט דיר רײדנ.

ער האָט זיכ אלץ ניט געקאָנט געוווינענ צו דעם באָכערס נײַעמ
נאָמענ אונ גערופנ אים, ווי אמאָל אינ קלאס, מיטנ פאמיליע־נאָמענ.

— וואָס איז מיט דיר, ביסט ניט מיט אלעמענ? — האָט ער אר־
קענ א פרעג געטאָנ, ווענ ער האָט זיכ אָפגעפארטיקט.

— גאָרניט, אלץ איז אינ אָרדענונג.

— מיט מיר וואָלסטו געמעגט רײדנ אנדערש — האָט קיריל פעט־
ראָוויטש געזאָגט מיט פארדראָס.

שטיל, קוימ צו הערנ האָט ארקע זיכ אָפגערופנ:

— ס'טוט ווי.

— דאָס איז גוט — האָט קיריל פעטראָוויטש געזאָגט. — אונדז
אלעמענ טוט ווי, דער ווײטעק גיט אונדז קויכעס... אָט וואָס, קאראס.
מאָרגנ שטײט פאָר אנ ערנסטע אונטערנעמונג. וועסט זיכ באטײליקנ.

ארקע, וויבאלד ער איז געווירע געוואָרנ וועגנ דער אונטערנעמונג,
איז ער אומגעדולדיק געוואָרנ. עס האָט זיכ געוואָלט, ס'זאָל שוינ גע־
שענ גיכער. ס'האָט געצויגנ ווידער זיכ באגעגענענ מיט יענע, זענ, ווי
זײ ווערנ טויט, אלײנ זײ מאכנ פונ לעבעדיק טויט.

די אופגאבע איז געווענ באפאלנ די היטלעראָווצעס, וואָס זײַנענ
אָנגעקומענ אינ דאָרפ. זײ זײַנענ געשלאָפנ אינ די שײַערנ אונ בע־
סערע הײַזער, ניט ריכטנדיק זיכ אפ קײנ בײז, ביז די פארטיזאנישע
גראנאטעס האָבנ זײ אופגעוועקט. אינ גאס, אינ די גערטנער איז פאר
זײ צוגעגרײט געווענ א פארבײַסנ פונ ביקסנ אונ קוילנווארפער. א
ברענענדיקע קלוניע האָט באלויכטנ די שלאכט.

עטלעכע היטלעראָווצעס האָבנ זיכ ארויסגעשאָטנ פונ א טיר, האָט
יאראָשענקאָ א שלײַדער געטאָנ א גראנאטע צו זײערע פיס. אײנער
איז געבליבנ אומגעשעדיקט אונ זיכ געלאָזט לויפנ, האָט ארקע אים
אוועקגעלײגט מיט א קויל. פונ הינטער א ראָג איז אָנגעשפרונגענ א
דײַטש הארט אפ אים אונ האָט א דערשראָקענער די הענט אופגעהויבנ,

האָט ארקע אים דעם שארבן צעפּלעט מיטן פּריקלאַד. זײַנע באַוועגונגען זײַנען געווען אויסגערעכנט און פּינקטלעך. דאָס פּאָנעם אָבער האָט אויסגעדריקט שווערע אָנשטרענגונג און פּײַן. די אויגן האָבן געבלאָנדזשעט. ס'איז אים געווען קאַרג. ער האָט אויסגעקוקט, געזוכט, וואָס נאָך קאָן מען אופּטאָן. ער האָט געקרעכצט פאַר ווייטעק. א הימלעראָוועצ איז געלאָפן מיט אָפּגעוויגענעם רוויבער-לויף פון אַן אלטן וואָלף, אלעמאָל זיך אויסגעקערעוועט אפ א רעגע, געגעבן עטלעכע שאָסן און ווײַטער געלאָפן. איז ארקע אוועק נאָך אים אין דער פינצטערניש אריין און ניט אָפּגעשטאַנען, ביז ער האָט אים אנידערגעלייגט. נאָר דאָס הארץ האָט זיך אלץ ניט געקילט. ס'האָט זיך געוואָלט, ווי דאָס גייט צו נאָר אין כאָלעם, הארגענען און ניט אופהערן, הונדערטער אויסלייגן אפ רעכטס און אפ לינקס, נאָר אויך דעמלט, האָט ארקע געפילט, וועט די בראַנד דאָרט אינעווייניק זיך ניט שטילן. טײַכן בלוט וועלן זי ניט לעשן. פאַר דעם, וואָס ער האָט פארלוירן, איז ניטאָ און קאָן ניט זײַן קיין שום פרײַז...

א גאַנצן טאָג נאָכדעם איז ער געשלאָפן, א צעווייטעקטער זיך אופגעהויבן, א צעט אומגעבלאָנקעט, קיין אָרט זיך ניט געפונען. פאַרנאַכט איז ער אוועק צו קאַטיען. געקומען, געשטעלט זיך פאַר איר און געקוקט איר גלײַך אין די אויגן. קאַטיע האָט א פיר געטאָן מיט איר שאַרפטקער דלאָניע איבער זײַן באַק.

— ביסט קראַנק, וואַניטשקע, — האָט זי געזאָגט, — גיי לייג זיך.

ער האָט זיך ניט גערירט, אלץ געשוויגן און געקוקט איר אין די אויגן. ס'האָט געטונקלט, א ווינט האָט געאָטעמט אין די בלעטער, אָפּגעלאָזט און ווידער זיי צעשויבערט, ארײַנבררענגענדיק א דינעם רייכעס-געמיש פון פרי-הארבסטיקן וועלדל אין פון שפּעט-רײַפנדיקע קרײַטעכצער.

— וואָס זשע שטייסטו, רעדסט ניט גאָרניט? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט אָנגעכאַפּט אירע אקסלען, צוגעצייגן, צוגעטוליעט דאָס פּאָנעם.

— מאמעניו! ליובעניו! — האָט ער געגומענע רופן. — ליובעניו! מאמעניו!

זי האָט אים מיט איין האַנט עטוואָס אָפּגעשטופּט, מיט דער צווייטער געגלעט, באַרויקט.

— וואָס איז דיר? דערצייל, רייד! — האָט זי באַפוילן.

— וואָס האָבן זיי אָפּגעטאָן, די באַנדיטן, וואָס האָבן זיי אָפּגעטאָן מיט אונדז? — האָט ער געשעפּטשעט, — אויסגעמעקט, מיט די וואָרצלען אויסגעריסן, ס'איז דאָך אפילע קיין איידעם ניט געבליבן, אז איך בין ווי אלע, אלע מענטשן, געבוירן פון טאטע-מאמע. אוי, ליובעניו, איינציקע!..

— און קיריל פּעטראָוויטש, די באַווײַרים? — האָט זי אים דערמאָנט, ניט געוואָלט בלײַבן זײַן איינציקע.

— יאָ, יאָ, עמעס, קיריל פּעטראָוויטש, איר אלע, דער וואַלד — איר זײַט איצט מײַן היים, מײַן לעבן, מײַן אלץ... — איז ער מאַסקים געווען, באַלד זי אָפּגעלאָזט און גענומען שטיל אוועקגיין. זי האָט אים באַגלייט, געהאַלטן זײַן האַנט. די ביימער האָבן גערײַשט. איינצלנע בלעטער זײַנען געפאַלן.

71

# 3. א קינד אינ וואלד

נאָכ דעמ אָוונט האָט ארקע א צײַט אויסגעמיטנ צו באגעגענענ זיכ מיט קאטיע: אויג אפ אויג. זי האָט אימ ניט פירגעהאלטנ דערפאר, ניט געפרעגט וועגנ קיינ סיבעס, נאָר אמאָל פונ דער זײַט צו אימ זיכ צוגעקוקט. א שטײַפע, ווי א וועלשענער נוס, א ניכטערע אונ זייער א רויקע, האָט זי אינ אָט דער מאנצבלשער געזעלשאפט זיכ געשטעלט אזוי, אז אלע האָבנ זי געשאנעוועט אונ זײַנענ געווענ אירע פרײַנט. זי האָט ניט געצווייפלט, אז אויכ ארקע וועט בלײַבנ איר פרײַנט, ער וועט עס איבערפיבערנ, ווי ס'איז שוינ ניט מיט איינעמ געשענ. אונ ווענ זי האָט זיכ צוגעקוקט צו אימ, האָט אינ אירע גרויע אויגנ געשפילט א ווארעמקײַט, געמישט מיט אנ אײַנגעהאלטענעמ דורכגעטריבנ=קלוגנ שמייכל.

מעסלעסנווײַז האָבנ זיי זיכ אינגאנצנ ניט געזענ. ארקע האָט זיכ איצט קעסיידער געבעטנ, מע זאָל אימ ערגעצ שיקנ. ער איז אָפט געגאנגענ אינ אויסשפיר צוזאמענ מיט עמעצנ אָדער אליינ. א בערישגרויסער, מיט א קינדיש פּאָנעמ, א גראָב=ליפנדיקער אונ א העל=אויגיקער, א ביסל אומגעלומפערט געבויט אונ גאנצ געשיקט אינ באוועגונג, האָט ער מיט זײַנ אויסזענ אונ דאָרפיש קלינגענדיקער אָרטיקער שפּראכ שוינ פונ ערשטנ בליק ארויסגערופנ צו זיכ גוטע געפילנ, איבערהויפּט בא די פויערטעס. ער האָט געהאט זײַנע הײַזער אינ די ארומיקע ייִשובֿימ, וווּ מע האָט אימ שוינ אויפגענומענ, ווי א היימישנ, גערופנ באמ נאָמענ — וואניע, געפּויעט מיט מילכ אונ אינ א נויטפאל באהאלטנ פונ די דײַטשנ.

אינ איינעמ א גאנצפרי נאָכ פאר זונ=אויפגאנג איז ארקע אנ אײַנגעבויגענער געשטאנענ צווישנ די קוקורוזע=שטעקלעכ קעגנ א באקאנטנ הויפ אונ געווארט, עמעצער זאָל זיכ ווײַזנ. אנ עלטערע פרוי אינ א ציכטיקנ קאָפּטיכל איז ארויס פונ שטוב אונ זיכ אָפּגעשטעלט בא דער שוועל, א רעגע באטראכט דעמ דרויסנ איידער צו מאכנ א טראָט ווײַטער.

— מומע אָליע! — האָט ארקע א רופ געטאָנ. — מומע אָליע!

זי האָט געכאפּט א קוק צומ טויער, צי ס'זײַנענ ניטאָ קיינ איידעס, אונ איז אוועק אינ דער קוקורוזע.

— וואנימשקע! — האָט זי זיכ דערפרייט.

— וואָס הערט זיכ אינ דאָרפ? — האָט ער געפרעגט.

— דערווײַל איז שטיל. קיינ איינ הונט ניטאָ. נאָר אינ שטעטל...

— וואָס? עפּעס מיט די ייִדנ? — האָט ער זי איבערגעשלאָגנ.

— אייפּעלעכ, אלטע לײַט, קראנקע פונ שפּיטאָל, שוואנגערע פונ געווינערנ=הויז — קיינעמ ניט איבערגעלאָזט. ארויסגעפירט צו די קאריערנ, אויסגעטאָנ נאקעט — קיינ פרויענ ניט געשאנעוועט! — אונ פונ קוילנווארפער אלעמענ ביז איינעמ אויסגעהארגעט. איכ בינ נעכטנ פּינקט געווענ דאָרטנ. די וואלדנ האָט מענ געהערט אינ דער סלאָ=

באָדע. כאָטש ניט קיינ געטויפטע, נאָר מענטשנ זײַנענ זיי דאָכ, אָבער די — מאַמעש ניט צו פאַרשטיינ, וואָס האָס איז פאַר א מינ. איכ זאָל זאָגנ — מעשוגענע הינט, איז ער דאָכ קראַנק, דער הונט, הייסט עס, לויפט, בײַסט, ביז ער פאַלט אונ פייגערט, אויב מע שיסט אימ ניט פריער. סײַדנ בײַ אָט דעמ היטלערנ איז עס אויכ אזא קרענק פאַרנ פייגערנ...

ארקע איז געשטאַנענ אָנגעבויגנ דעמ קאַרק, ווי אונטער א שווערער מאַסע, די אויגנ אָנגעגאָסנ מיט מוטנעקײַט, דאָס מויל צעעפנט. ער האָט געפילט, די מאַמע איז צו גרויס, ער וועט זי ניט דערטראָגנ, נאָר פרײַ ווערנ פונ איר איז אויכ אוממעגלעכ געווענ.

— גוט, וואָס דו ביסט געקומענ, וואַניטשקע, קומ אַרײַנ אינ שטוב, וועסטו עפעס זענ, — האָט ער געהערט דער מומע אַליעס קאָל, נאָר ניט געקאָנט זיכ רירנ. אליינ דער ווילנ נאָכ צו מאַכנ עפעס אנ אָנשטרענגונג איז אפ דער מינוט געווענ אָפּגענומענ, אונטערגעבראָכנ אונ צעקוועטשט פונ דער שווערקײַט.

— האָב קיינ מוירע ניט — האָט זי אימ אײַנגערעדט. — קיינ פרעמדע זײַנענ ניטאָ.

„די מאַמע האָט כאָטש זייער פאַרצעפ ניט אָנגעקוקט, אונ ריווע — ניט געדאַרפט זיכ אָפּדעקנ פאַר די מעשוגוים“... — האָט ער זיכ געטרייסט אונ איז אוועק נאָכ דער אלטער. ער איז געגאַנגענ אונ פאַר די אויגנ געזענ: עג אונ עמ, די צוויי שטעטלעכ פונעמ ראַיאָנ איינס קעגנ אנדערנ, ווי וואָגשאָלנ אפ די פליגלענ פונ די היימישע וועגנ. צווישנ זיי, העכער — די באַנ-סטאַנציע מיטנ גרינעמ נידעריקנ וואָקזאַלכל. זײַנ קינדער-וועלט האָט זיכ אפ די וואָגשאָלנ געוויגט. אונ וואָס איז געבליבנ פונ איר? ביינער אונ בערגלעכ אַש אפ איינ זײַט, ביינער אונ גריבער אפ דער צווייטער זײַט. נאָר די געשרייענ, דאכט זיכ, פליִענ נאָכ האָ אומ, ווי פויגלענ איבער זייערע צערויבטע נעסטנ, ליאַרעמענ, רופנ, קאָנענ זיכ ניט באַרויִקנ...

— טסס... — האָט מענ אימ געוואָרנט.

זיי זײַנענ שוינ געווענ אינ שטוב, געשטאַנענ פאַר א געלעגער — א מיידעלע איז דאָרט געשלאָפנ, דאָס מײַלכל אָפנ, די בעקלעכ גערויטלט, אפנ ווײַסנ שטערנ צעשאָטנ ווייכע שוואַרצע קוטשערלעכ. די מומע אַליע האָט געשעפּטשעט:

— מע האָט געפירט אונ געשאָסנ א גאַנצנ נאָכמיטיק, פאַרנאַכט איז שטיל געוואָרנ. ס'איז שוינ פינצטערלעכ אונ סומנע אזוי, די פענצטער — פונקט אנטקעגנ. „אַליע, — זאָגט די שוועגערנ, — טו נאָר א קוק, וואָס זעסטו?“ — „איכ זע, — זאָג איכ, — א מענטשלעכע נעשאָמע בלאָנקעט אינ פעלד אינ געשטאַלט פונ א קינד“. — „ווי מיינסטו, — זאָגט די שוועגערנ, — ס'איז אנ עמעסדיקס, א לעבעדיקס?“ — „ווענ די געהארגעטע, — זאָג איכ, — שטייענ אופ אונ לאָזנ זיכ גיינ אָנכאַפּנ מיט די הענט באַמ גאָרגל ווועמענ מע דאַרפ, וואָלט איכ זיכ גאָר ניט כידעשנ, נאָר אינ אונדזער צײַט הערט מענ ניט פונ אזעלכע זאַכנ. ס'איז א מענטשלעכ קינד, — זאָג איכ, — טאַקע פונ דאָרטנ, ווײַזט אויס, פונ דער גרוב. מיט א נעס געבליבנ לעבנ. מע דאַרפ עס נעמענ אינ שטוב אַרײַנ“. — „איכ האָב מוירע“, — זאָגט די שווע-

גערנ. פונדעסטוועגנ גייענ מיר. הענט און פיס ציטערנ, כאָטש ס'איז ענגיג טונקל, אינ קיינער גיט ניט אכטונג, נאָר אליינ דאָס אָרט ווארפט אָנ א שרעק. מיר קומענ צו נעענטער, זעענ מיר: א מיידעלע פונ א יאָר פיר, ניט מער, שפאנט איבערנ פעלד=וועג — פאָרזיכטיק, נאָר איינגעשפארט, קוקט ניט אינערגעץ, בלויז אהינ, ווו סע האָט צו שטעלנ דעמ טראָט, שוויַיגט, קיינ געוויינ, קיינ כליפ, אינגאנצנ פארטאָנ אינעמ גיינ, פארהאלט זיכ ניט אפ קיינ רגע, שלאָגט זיכ ניט מיט דער דייע, גייט נאָכאנאנד, ווי ס'וואָלט וויסנ וווהינ. ציט זיכ, נעבעכ, צומ לעבנ. די הענטלעכ, דאָס פנעמל, דאָס העלע קליידעלע — אינ טונקעלע פלעקנ... מיר זיַינענ שוינ גאָר נאָענט, נאָר סע באמערקט אונדז ניט. וויאזוי נעמט מענ עס איבער, ס'זאָל זיכ ניט דערשרעקנ? — „פייגעלע, — כ'טו איכ א רופ, — שעפעלע קליינס, מילכ א קאפ ווילסטו?" שטעלט זיכ עס אָפ, קוקט אונדז ביידע אָנ א וויַילע און טוט א פאל צו מיט א געיאָמער צו מיַינע קני, ווארפט זיכ אזש. איכ נעמ עס אפ די הענט, טוליע עס צו, שטיל עס איַינ. — „שטילער, — זאָג איכ, — שטילער, די ראָצכימ קאָנענ דערהערנ און קומענ צו לויפנ". פארשטייט עס, נעבעכ, וואָס מע מיינט, ווארגט זיכ, פליַיסט זיכ מיט אלע קויכעס אופהערנ וויינענ, נאָר דאָס קערפערל טרייסלט זיכ, צאפלט, ווי א פישעלע. אינ שטוב באמ קאנעץ זעענ מיר שוינ קלאָר, פונוואנענ די פלעקנ אפנ ליַיב און אפנ קליידעלע האָבנ זיכ גענומענ, פונ וואָס פאר א קאָליר זיי זיַינענ. ווער ווייסט, צי איז עס ניט געווענ דאָס בלוט פונ דער מומער, וואָס האָט אינ דער לעצטער רגע מיט איר קערפער פארשטעלט איר אייפעלע פונ דער קויל. מיר האָבנ עס אָפגעוואשנ, אָנגעהאָדעוועט און איַינגעלייגט שלאָפנ. ס'האָט מיט זיכ געלאָזט אלצדינג טאָנ. — „ווילסטו עסנ?" — פרעגט מענ זי. — „יאָ". — „געבנ נאָכ א ביסל?" — „יאָ". — די אויגנ זיַינענ אראָפגעלאָזט און מיטנ קוטשעראווונ קעפעלע שאָקלט עס צו. פארטאָג האָב איכ עס געבראכט צו טראָגנ אהער. די שווערנ האָט מוירע געהאט איבערלאָזנ עס ביַי זיכ. דאָ איז אזוי רויִקער, אָפגערוקט פונ שליאכ, נאָר ווי לאנג קאָנ מענ עס באהאלטנ? ס'איז דאָכ א קינד. ס'קאָנ ניט זיצנ פארשפארט, און שכיינימ, ווייסטו, זיַיגענ דאָ פארשיידענע. ווענ סע וואקסט זיכ כאָטש ניט אזוי אינ די אויגנ. עפשער, קאָנסטו, וואניע, עס אָפטראָגנ צו איַיכ אינ וואלד, און וויַיטער וועט איר זיכ שוינ אנ אייצע געבנ. אזא ליבהארציק ציגעלע, אנ איינ=איינציקס געבליבנ. זאָל עס וואקסנ אפ א ניַיעמ דאָר...

די קליינע האָט זיכ אופגעכאפט, א פאָר מינוט געלעגנ אומבאוועגלעכ, שוויַיגנדיק באטראכט די מענטשנ, וואָס פאר איר, אינ די גרויסע קלאָרע אויגנ האָט זיכ געשפיגלט געדאנק, דערנאָכ זיכ אופגעזעצט און באלד גענומענ זיכ אָנטאָנ. געטאָנ אלצ גיכ, זאכלעכ און שטיל, פונקט זי איז שוינ פונ לאנג אינ וועג, געווינט אינ גרייט צו ענדערונגענ, צו פעליקיַיטנ און צו אומבאקאנטע פנעמער. א בריייטינקע אינ דער בריסט, פעסט געבויט, האָט זי אינ טיפ מיטנ פיסל, וואָס איז ניט גליַיכ אריַינ אינ שוכ, אינ אלע באוועגונגענ פארמאָגט היפש ענערגיע און מונטערקיַיט אינ דער ציַיט, ווענ דאָס איידל=געצייכנטע פנעמל מיט די זוניק=שווארצע אויגנ און שווארצע געקריַי=

זלטע האָר האָט געשײַנט ווי אראָפּגעקומענ פּונ א יאָמטעוודיקער וועלט.

די מומע אָליע האָט מיט א שמייכל נאָכגעקוקט דאָס קינד, ניט איבערגעשלאָגנ, זיכ ניט ארײַנגעמישט, נאָר ווענ ס'איז, בא קיינעמ ניט פרעגנדיק, אוועק צו דער טיר, האָט די פויערטע זי אָפּגעשטעלט, פריִער אלײנ ארויסגעקוקט אינ הויפ, דאנ ערשט באגלייט וווהינ מע דארפ. ארײַנגעקומענ, האָט די קליינע גלײַכ זיכ געשטעלט צומ האנטפאס זיכ וואשנ, גענומענ דאָס שטיקל זייפ, וואָס די מומע אָליע האָט איר דערלאנגט, נאָר אָפּגעלענט יעטווידער הילפ. — „אלײנ“ — דאָס איז געווענ דאָס ערשטע וואָרט אירס אינ דעמ פרימאָרגנ.

דערנאָכ האָט זי סטאטעטשנע געגעסנ פרישטיק, ציכטיק אופגעראמט פונ טעלער, וויפל מע האָט געגעבנ — אלצדינג אזוי, ווי מע האָט זי געלערנט אינ קינדער-גאָרטנ — אונ נאָכנ עסנ, ווענ די מומע אָליע האָט געמאָלדנ, אז זיי געזעגענענ זיכ, דער דיאדיא נעמט זי מיט, האָט זי ניט געפרעגט, וווהינ, נאָר אָנ שיִעס אראָפּגעשפּרונגענ פונ בענקל אונ זיכ געשטעלט פארנ באָכער. איר בליק איז געווענ ערנסט אונ קלאָר. א שטילקײַט איז געלעגנ אפ איר פּאָנעמ, אינ איר גאנצער האלטונג, א פארשטאנד פאר אלצ אונ גרייטקײַט צו אלצ.

ארקע האָט דאָס מיידעלע צוביסלעכ געטראָגנ, צוביסלעכ געפירט פאר א הענטל, ערטערווײַז זיכ שטארק אײַנגעבויגנ אָדער צוגעפאלנ צו דער ערד, פונ הינטער א קוסט באהאלטענערהייט אויסגעקוקט די געגנט, איידער זיכ געלאָזט ווײַטער. די קליינע האָט נאָכגעטאָנ אלע זײַנע באוועגונגענ, געפאָלגט זײַנ מינדסטנ ווונק.

אינ וואלד, געגנ טיפ אונ דערווײַטערט פונ וועג, האָט מענ זיכ צוגעזעצט אָפּרוענ.

— ווי הייסטו? — האָט ארקע א פרעג געטאָנ. ער האָט נאָכ איר נאָמענ ניט געהערט.

— גיטעלע.

זי האָט עס אויסגערעדט ליבלעכ פארצויגנ מיט דעמ גאנצנ היימישנ כיינ, ווי זי איז עס געוווינט געווענ צו הערנ. ער האָט זיכ צעשמייכלט.

— ווילסט, גיטעלע — האָט ער געזאָגט אפ ייִדיש. — בלײַבנ מיט מיר אינ וואלד?

— איכ וויל, — האָט זי אפ ייִדיש זיכ אָפּגערופנ.

די מומע אָליע האָט מיטגעגעבנ אפנ וועג א היפש שטיק פלאָדנ מיט קירבעס געפילט, האָט מענ עס ערלעכ צעטיילט, אונ איטלעכער האָט מיט פארגעניגנ אופגעגעסנ זײַנ כיילעק, ביידע האָבנ געשוויגנ. ארקע האָט זייער געוואָלט דורכשמועסנ זיכ מיט דער קליינער, ווי מיט א גלײַכנ, נאָר מוירע געהאט אָנרירנ איר שווײַגנ, אימ האָט געדאכט, אז זי ווייסט אונ פארשטייט אלצ אזוי גוט, ווי ער, אונ נאָכ עפּעס אזוינס, וואָס ער האָט עס אויכ, עפּשער פארמאָגט, נאָר שוינ פארלאָרנ. טאקע אינעמ שווײַגנ ליגט עס, אונ מע טאָר עס ניט פארשטערנ. ער האָט איר נאָכ פארטרויט:

— אונ איכ הייס ארקע.

א צײַט איז מענ נאָכ געזעסנ שווײַגנדיק, דאנ זיכ אופגעהויבנ אונ געגאנגענ ווײַטער.

# 4. הויכע פלייצעס

חאָס נעפינס, מיט וועלכנ ארקע האָט זיכ אומגעקערט, איז בא די פארטיזאנער געוועגנ שטארק אָנגעליגט. קאטיע האָט עס גענומענ צו זיכ — בא איר איז געווענ גראמער אונ רויקער. א גאנצנ פרימאָרגנ האָבנ זיכ מענטשנ געצויגנ צומ קורינ אָנקוקנ דאָס קינד. ס'איז געווענ קלאָר, לאנג קאָנ מענ עס דאָ ניט האלטנ, מע וועט עס מוזנ איבערטראנספאָרטירנ איבער דער ליניע פונ פראָנט אפ דער „גרויסער ערד“, נאָר אקעגנ סאָפ טאָג איז אפנ ווּאלד א טונקלעניש אָנגעפאלנ פאר דער צייַט, אונ ס'האָט גענומענ שטויבנ א רעגנ. די נאכט איז אריבער, אונ ס'האָט נאָכ אלצ געמאראקעט, דינ, געדיכט אונ אייַנגעגעסנ. דער הימל איז פארלייגט געווענ מיט כמארע - ניט צו זענ, פונוואנענ ס'קאָנ זיכ עפענענ א שייַנ.

קאטיע איז גאנצפרי ערגעצ אוועק. גיטעלע, אליינ אינ קורינ, איז געזעסנ אפנ געלעגער, די פיסלעכ אָנגעדעקט מיט א טולופ, אונ געקוקט צומ דרויסנ. דאָס פענעמל בלייכ, די אויגנ ברייט צעעפנט, האָט זי עפעס געשעפטשעט, נאָכגעמאכט דעמ בלעטער-גערויש, זיכ פארווייַלט אינ דער איינזאמקייַט, ווי זי האָט געקאָנט, אמאָל ארויסגעלאָזט א טיפנ זיפצ פאר אומגעדולד. א הויכער מענטש מיט איינ אויג, מיט א רויטלעכער גרויסער נאָז, פארבויגנ איבער די צעקנייטשטע גרויע וואָנצעס, האָט זיכ באוויזנ אינ דער טיר, ארייַנגעקוקט, צוגעטראָגנ צומ מויל אנ אָפגעשיילט ווייַס דודקעלע אונ, טאנצנדיק מיט די טונקל-ברוינע פינגער איבער די לעכעלעכ, גענומענ שפילנ דערופ, געבליצט מיטנ אויג פונ אונטער דער מאָכיקער ברעמ, אונטערגעווונקענ צומ קינד אונ אלצ געשפילט, איבערגעכאזערט אלעמאָל עטוואָס אנדערש איינעמ אונ דעמ זעלבנ מאָטיוו, „אזא לויטערנ אונ ליכטיקנ, ווי אינ דרויסנ וואָלט גאָר קיינמאָל קיינ נאכט אונ קיינ אומוועטער ניט געווענ, ווי ס'וואָלט גאָר אינ ערגעצ קיינ בייז אונ קיינ בראָכ ניט געשענ. „נא!“ האָט ער גיטעלענ אויסגעשטרעקט דאָס פייַפעלע, א ווייַלע נאָכ אָנגעקוקט דאָס קינד מיט זייַנ פאוונ-אויג אונ פארשוווּנדנ.

ווענ קאטיע האָט זיכ אומגעקערט, האָט זי געטראָפנ גיטעלענ שטארק באשעפטיקט. דאָס פייַפעלע אינ מויל, האָט זי האָרעפּאשנע געבלאָזנ אינ דעמ, איבערגעקליבנ מיט די פינגער די לעכעלעכ, געפרווּט, וואָס פאר א טאָנ סע גיט ארויס איטלעכס מאָל. „פראָכאָר איז דאָ געווענ, געהאלטנ וואָרט“, — האָט קאטיע א טראכט געטאָנ צופרידנ.

— איצט וועלנ מיר דיר אָפקאָכנ עפעס עסנ. — האָט זי געזאָגט, — דער רעגנ האָט גראָד אויפגעהערט, זיכער ניט אפ לאנג, נאָר דערווייַל קאָנענ מיר צעלייגנ א פייַער. ביסט שוינ אוואדע הונגעריק.

אינ קורינ איז געווענ פארגרייט א ביסל טרוקנ האָלצ-ברוכ, האָט זי געהייסנ גיטעלענ ארויסטראָגנ עס אינ דרויסנ. די קליינע האָט געטאָנ, וואָס מע האָט געזאָגט, ניט אָפגעשטעלט זיכ, טאָמער האָבנ זיכ געמאכט שווערלעכע שטיקער, רויטלענדיק זיכ פאר אָנשטרענגונג, געשלעפט זיי אונ געבראכט אפנ אָנגעוויזענעמ אָרט.

— אזוי, אזוי, גיטעלע, — האָט קאַטיע איר אונטערגעגעבן כּיישעק.

באַלד נאָכן ערשטן איינדרוק האָט זי געטראַכט: „אַ צאַרטינקע און שיינע ניט אַף אונדזער שניט. אַ געפּעסטעטע, געוויס". און פּלוצעם, אַז ס'האָט געהאַלטן בײַ צוריק אָנטאָן דאָס קליידעלע נאָך דעם, ווי ס'איז געווען אויסגעוואַשן און אויסגעטריקנט, האָט די קליינע, ווי אינדערפרי בײַ דער מומע אַליע, געמאָלדן פעסט: „אַליין", געשיקט עס אַרופגעצויגן און זיך אויסגעקערעוועט מיטן רוקן, מע זאָל איר פאַרשפּיליען — האָס, הייסט עס, קאָן זי ניט. קאַטיע איז דערפון אַזש וואַרעם געוואָרן אַרום האַרצן: „איז אָט ס'אַרױ באַקבערטע דו ביסט!" און ווען האָט זי שוין זיך אופגעפירט מיט איר, ווי מיט אייגן בלוט, זיך געשאַפט אין דער באַלעבאַטישקייט, געקליבן נאָכעם פון איר פּינקטלעכקייט און פליִס; פאַרן אוועקגיין ערגעץ אָנגעזאָגט וואָס צו טאָן, אַלץ אָן איבעריק זיסע רייד, פּויעריש־זאַכלעך, ווי מיט אַ דערוואַקסענער.

אינקורצן האָט ווידער אָנגעהויבן גיסן, נאָר די קאַרטאָפּליעס זײַנען שוין געווען פאַרטיק. קאַטיע איז ווײַט געגאַנגען נאָך אָט דער נאַשערײַ פאַר דעם קינדס וועגן. איצט זײַנען בײדע שווײַגנדיק און ערנסט געזעסן בײַם טישל, געגעסן ניט געכאַפּט און זיך אײַנגעהערט, ווי דער רעגן פּיקט אין די צווײַגן פונעם דאַך. שפּעטער האָט קאַטיע אַרויסגעשלעפּט פון ערגעץ אַ בינטל קאַלידטע שמאַטקעס און גענומען עפּעס מײַסטרעווען. אינגיכן איז דערפון אַרויסגעקומען אַ ליאַלקע מיט אַ געבלימלט פּאַטשיילעכל אַפן קאָפּ, מיט אַ געשטרײַפּלט פאַרטעכל. גיטעלע האָט ניט געפרעגט, פאַר וועמען דאָס איז, קיינ פּיפּס ניט געטאָן, נאָר די אויגן דערפון ניט אָפּגעריסן, ניט געטעמט, און ווען זי האָט זיך ענדלעך דערוואַרט אַף דער מאַטאָנע, איז זי אַזש רויט געוואָרן, אַ ווײַלע געהאַלטן די ליאַלקע, ווי זי וואָלט ניט גלייבן, אַז זי האָט עס אין דער האַנט, באַלד לײַדנשאַפטלעך זי צוגעדריקט צו דער ברוסט.

יאַראָשענקאָ, דער ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער פון אָטריאַד, איז געקומען צום קאָמיסאַר אַ ברויגעזער מיט אַ טײַנע.

— איך מיין, קיריל פּעטראָוויטש, אַז קאָלזמאַן מיר האַלטן בײַ זיך אַ קינד, דאַרפן מיר עס האָדעווען. איר זאָגט אַליין, אַז ביז נאָך די רעגנס מוז עס בלײַבן בײַ אונדז. פּאַראַן אַ ביסל באַזער־שמאַלץ, נאָר ס'איז דען אַן עסן פאַר אַ קינד? פאַר אַ קינד דאַרף מען האָבן אַ קולטורנעם מײַכל, עפּעס זיסעס.

— וווּ זשע נעמט מען עס?

— אָט די מאַשין, וואָס איז אַוועק צו דער סטאַנציע — צוריק וועט זי פירן קאָניאַק פאַר דער קאָמענדאַטור. נו, אָט דער אַרטיקל האָט אַהער, פאַרשטייט זיך, קיין שײַכעס ניט. נאָר דערבײַ וועט זײַן ביסקוויט, ווי געווינלעך, און נאָך אַזעלכע זאַכן.

— וויפל דאַרפסטו צו הילף?

— איך רעכן, זאַלבעפינפט וועלן מיר עס מאַכן.

דער שמועס איז פאָרגעקומען גאַנצפרי. צו מיטיק האָט יאַראָשענקאָ איבערגעגעבן קאַטיען ביסקוויט, מאַרמעלאַד, קאָנדענסירטע מילך.

— קאַרג ניט. ס'איז דאָ נאָך, — האָט ער געזאָגט.

שפּעטער האָט ער זיך אַליינ באַוויזנ פאַר דער טיר פונעמ קורינ, אָנגעכמורעט, ווי זײַנ שטייגער, געקוקט, ווי גיטעלע באַוויקט זיך, אונ ענדלעך אויסגעברומט:

— נו, יאָ, דאָס איז אַ מײַכל פאַר אַ קינד. אונ די אָפּיצערנ וועלנ צוווארטנ. זיי וועלנ מיר מעכאַבעד זײַנ מיט עפּעס אַנדערש.

סאָפּ טאָג איז אַרקע געקומענ — ער איז שוינ לאַנג ניט געווענ.

— אָפּ אַ מינוטקעלע. — האָט ער זיך פאַרענטפערט.

קאַטיע האָט געשמייכלט.

— וואָס האָסטו אַזוי קיינ צײַט ניט? קומסט אַפילע ניט אַ קוק טאָג אָפּ אונדזער טעכטערל.

— ס'האָט זיך ניט געמאַכט — האָט ער געשטאַמלט. — איך האָב דאָ עפּעס געבראַכט. גאָרניט, אַ קלייניקײַט. טאַקע צוליב דעמ בינ איך אַרײַנ. נאַ! — האָט ער אויסגעשטרעקט דעמ קינד דאָס, וואָס ער האָט געבראַכט: אַ גלאַנציקע מעשענע דײַטשישע גאַרטל=ספּראָנזשקע.

אינדערפרי איז ער געווענ צווישנ די פינפ, וואָס זײַנענ באַפאַלנ די מאַשינ מיט די גוטע זאַכנ, אונ די ספּראָנזשקע האָט ער אַראָפּגענומענ באַמ געהאַרגעטנ אָבער=יעפרייטאָר פאַר גיטעלענ אַ מאַטאָנע.

ער האָט ניט געוואָלט אַוועקגיינ. אינ קורינ איז געווענ שטיל. קאַטיע האָט עפּעס גענייט.

— וואַניאַ, — האָט זי אַ פרעג געטאָנ — האָסטו זיך אַמאָל געוויגנ? וויפל וועגסטו?

— פיר פוד מיט דרײַסיק פונט — פאַר דער מילכאָמע.

— ווערליק נאָך דער וואָג, — האָט זי זיך אָפּגערופנ, — האָסטו שוינ געמעגט זײַנ עלטער.

אָט די רייד האָבנ אימ פאַרשאַפט עמעסע פרײַנ, נאָך שאַרפער נעגעבנ צו פילנ דאָס, וואָס ער האָט אַליינ געוווּסט: דעמ מעהאַלעך צווישנ אימ אונ איר, זײַנ ניט דערוואַקסנקײַט. ער האָט ווידער אָנגעהויבנ אַרײַנקומענ אַלע טאָג. קאַטיע טוט איר אַרבעט, גיטעלע שעפּטשעט עפּעס דער ליאַלקע אָפּנ אויער, קוטעט זי אינ אַ טיכל. אַלע שווײַגנ. מע הערט דעמ איינטאָניקנ רעגנ=גערויש, אונ אַרקענ דאַכט, ס'איז פונ שטענדיק אָנ געווענ אַזוי. ווי אינ כאָלעמ גייענ דורך: דער מאַמעס פּאָנעמ באַמ ליכט=בענטשנ, באַלויכטנ פונ וואַרעמער שײַנ, דורכגענומענ פונ אינערלעכער באַוועגונג. דער טאַטע, פאַרקערט — אינ שאָטנ, באַוואַקסנ אונ שווער, די אויסגעהאָרעוועטע סטאָליאַרסקע האַנט מיד פאַרוואָרפנ אָפּנ טיש, דער קאָפּ געבויגנ פאַר שלעפעריקײַט. פונ אַ פירהויז קוקט אַרויס אַ רויט קעלבל מיט פײַכטע נאָזלעכער, די קנעכלעך ציטערנ, כע שטעלט זיך ניט אײַנ אַריבערטרעטנ די הויכע שוועל. דער דרויסנ איז פאַרגאָסנ מיט פרילינגדיקער זונ. איבער אַ דאַך פלאַמט אַ רויטע פאָנ, פלאַטערט, יאָגט, ווי אַ לאָשעק, אָפּ דער פרײַ. שוועלבעלעך פליענ, צייכענענ אינדערלופטנ געבראָכענע בליץ=ליניעס. ערגעצ שמעקט מיט פרישגעבאַקענער הייסער כאַלע. אַלצ פּיטשינ קינדערשע זאַכנ. דער רעגנ גיסט אונ גיסט...

ווענ קאטיע איז ניטאָ, קומט ער צו גיטעלענ. זיי שפּילנ זיכ צוזאמענ מיט דער ליאלקע, בויענ א שטיבעלע פונ העלצלעכ, אונ ס'איז אימ מיט איר ווויל אונ פּראָסט, ווי זיי וואָלטנ געווענ אינ איינע יאָרנ. ניינ, ער שטעלט זיכ ניט פאָר, וויאזוי ער קאָנ זיינ איר טאטע.

— גיטעלע, — פרעגט ער. ער האָט זייער ליב אויסצורייד איר נאָמענ — ווילסט זיינ מיינ שוועסטערל?

— איכ וויל.

— וועסט מיכ ניט פארגעסנ, גיינ?

דאָ איז שוינ איר ניט אינגאנצנ קלאָר, וואָס ער פארלאנגט, אונ זי שווייגט.

— אונ ווי איכ הייס געדענקסטו?

— ארטשיק=וואניטשקא...

באנאכט האָט זיכ אויסגעלייטערט. א בלויער הימל האָט זיכ מיטנ פרימאָרגנ אויסגעשפּרייט איבערנ וואלד. קיריל פּעטראָוויטש איז געקומענ אינ קורינ. דאָס פּאָניעמ נאָכנ מאליאריע=אָנפאל — געלבלעכ=גרוי, נאָר ווייטער — אונטערגעגארטלט, דורכויס שטייפ.

— ווי פירט זיכ אופ אונדזער יונגע פּארטיזאנקע? — האָט ער געפרעגט.

— פאר דער גאנצער צייט קיינ וויינ ניט געטאָנ. — האָט קאטיע געלויבט גיטעלענ.

— דאָס איז שוינ אפילע שרעקלעכ. יאָ, האָסט אנ אויפגאבע, קאטיע: אָפּטראָגנ דאָס קינד צו אנדריי ניקיפיראָוויטשנ, דאָרט מאכט זיכ פונ צייט צו צייט א פלי=מאשינ, וועט זי פארכאפּנ דעמ פּאסאזשיר. פּראָכאָר וועט גיינ מיט דיר.

פּראָכאָר, פונ קליינוויינ אופ א טשאבאנ, איז געווענ אויסגעבונדנ אינ אלע ווינקעלעכ פונ דער געגנט, אונ אינ וואלד האָט ער מיט זיינ איינציקנ אויג געזענ מער, ווי אנדערע מיטביידע. אינ דאָרפ איז ער פונ אלע יאָרנ באקאנט געווענ מיט זיינ צוגעלאָזטקייט צו קינדער. קיינ בעסערנ וועג=כאָווער האָט זיכ קאטיע ניט געווונטשנ. ארקע האָט זיי באגלייט עטלעכע קילאָמעטער. מע איז געגאנגענ לאנגזאמ, צופּאסנדיק זיכ צו גיטעלענ, וואָס האָט געשפּאנט מיט די איינגענע פיס, געפירט פונ ארקענ פאר א הענטל. דערנאָכ האָט מענ זיכ געזעגנט, אונ דער טשאבאנ האָט ארופגעזעצט גיטעלענ צו זיכ אופ די פּלייצעס. הויכ, צווישנ די פלאמענדיקע קופּעס פונ די הארבסטיקע ביימער, האָט זיכ דאָס קינד געהוידעט צומ טאקט פונ פּראָכאָרס טראָט. א לייכטער ווינט האָט געשטרייכלט אירע זונ=אינ בלוי=באגאָסענע שווארצע קוטשערלעכ. בא דער זייט איז געגאנגענ קאטיע מיטנ פּעקל זאכנ אונ עסנווארג אפּנ רוקנ, די געטאָקטע ליטקעס נידעריקער פונעמ קליידל=זוימ — ברוינ אונ גלאט, ווי לעדער. דער געמישטער וואלד האָט געשפּילט מיט אלע קאָלירנ: צווישנ גרוי=גרינ אונ טונקל=גרינ פונ סאָסנע אונ יאָדלע האָט געשיינט האָניק=פארב אונ ווייניל=פארב, אבריקאָס אונ לימענע, ניס אונ זאפרענ. ארקע האָט געקוקט, ווי די מענטשנ פארטיפנ זיכ, פארשווינדנ אינ אָט דער פארביקער שעפע, געוווסט, ס'איז גוט אזוי, אונ דאָכ האָט

געקלעמט. א דורכגעלויכטענער איז ער געגאנגענ צוריק, געזענ, ווי די בלעטער פלאטערנ, בלעמלענ, ווי זיי טיילנ זיכ אָפּ, שווינדלענ אונ פאלנ, געהערט, ווי זיי רוישנ, אונ אלצ אינ אימ האָט געענטפערט מיט פלאטער אונ גערויש.

## 5. די געפאר אינ דיר

דער געשענקטער טאָג האָט ארויסגעצויגנ אלעמענ פונ שטאָטנ. אפ אינ אָפנ וואלד־לאָנקעלע איז מענ געזעסנ אונ געשמועסט. שפּירנדיק, ווי די מילדע זונ פּליסט איבער זײַנ אָנגעבויגענעמ קארק, האָט ארקע שווײַגנדיק געהערט די שמועסנ. יונגווארג אונ באיאָרטע האָבנ גערעדט וועגנ זייערע היימענ. ווער ס'האָט דאָ ניט ווײַט געהאט א טאטנ, א מאמענ, א ווײַב, א קינד, ווער ס'האָט געבויט דעמ קאָלווירט אינ א שכיינישנ דאָרפ, די נײַע שול אונטערנ זילבערדיק־ווײַסנ שיפערנעמ דאכ, אונ דאָס ווערק פונ זײַנ מי איז אימ טײַער, ווי א קינד. אנדערע זענענ זיכ נאָכ איצט אמאָל באהאלטענערהייט מיט עמעצנ פונ די אייגענע, כאפּנ זיכ ארײַנ אפ א ווײַלע אינ דער פארלאָזטער נעסט. בא איינעמ האָבנ די דײַטשנ אוועקגעפירט א שוועסטער, בא א צווייטנ אויסגעקוילעט די מישפּאָכע פונ גרויס ביז קליינ. מע האָט גערעדט וועגנ דעמ אָנגריפ, וואָס די רויטע ארמיי מוז אינגיכנ אָנהייבנ, צו וואָס איטלעכער וועט זיכ נעמענ, ווענ די געגנט וועט באפרײַט ווערנ, ווער ס'וועט זיכ אומקערנ צו זײַנ פריִערדיקנ אָרט, ווער ס'וועט גיינ ווײַטער מיט דער ארמיי.

ארומ ארקענ האָט מענ אָנגערופנ ערטער, אונ ער האָט זיי געזענ פאר די אויגנ. יעדער אָנגערופנ אָרט האָט געלעבט אינ אימ, געוועקט א דערמאָנונג, אנ אָפּקלאנג, א בילד. אינ אָט דעמ וואלד האָט ער פארבראכט א זומער מיטנ פּיאָנערישנ לאגער, אינ יענע פעלדער — צוזאמענ מיטנ קלאס געשלאָגנ די סוסליקעס, געקליבנ די זשוקלעכ פונ די זאנגענ. אפ וועלכע בערגלעכ איז ער דאָ ניט ארופגעלאָפנ, אינ וועלכע טײַכלעכ זיכ ניט געבאָדנ, ניט פארוואָרפנ זײַנ ווענטקע? נאָר וווּהינ וואָלט ער זיכ אומקערנ, ווענ ס'זאָל האלטנ דערבײַ? איטלעכנס היימ האָט א נאָמענ, א שוועל. אויב די ווענט ליגנ שוינ אפילע אינ אש, אונ ס'איז שוינ קיינ טויער ניט געבליבנ, א זײַטיקער זאָל נאָכ אָט די סימאָנימ קאָנענ געפינענ דעמ פּלאצ, האָט נאָכ אינ הויפ ערגעצ זיכ אײַנגעהיט א באהאלטנ גרעזל, וואָס זײַנ אָטעמ וועט אנ אייגענער אינ דער פינצטער דערקענענ. נאָר זײַנ היימ האָט שוינ קיינ שוועל אונ קיינ נאָמענ ניט. זי איז דאָ אינ וואלד, אפ אָט דעמ זונ־באשײַנטנ לאָנקעלע, ווו ער זיצט, אונ אומעטומ, ווו ער קאָנ באגעגענענ אזעלכע כאווײרימ אונ פרײַנט. א ריזיקע היימ. צופוס וועסטו זי ניט אויסמעסטנ אונ אפילע מיטנ געדאנק זי ארומכאפּנ איז ניט גרינג. גיטעלע איז ערגעצ דאָרט אפ די וועגנ פונ אָט דער גרויסער היימ. נאָר זי טראָגט מענ אפ די פּלייצעס, אינ ער הייסט דאָכ שוינ פּארטיזאנ. ווענ עמעצער זאָל אָבער וויסנ, ווי אָפט סע טוט נאָכ אזוי קינדיש א צי צו דער ווארעמקײַט פונ דער מאמעשער נעסט! אָט די קליינינקע היימ, וואָס איז פאר־

לוירנ, האָט זיכ אזוי ווייל אײַנגעפאסט אינ הארצנ. אונ צו דער גרויסער היימ דארפ מענ נאָכ אויסוואקסנ, פארדינענ זיכ אינ איר אנ אָרט, גיינ אָנהייבנ אינ איר א וועלט אָנ מאטע־מאמע...

— גענוג. דערלאנגט א ליד. — האָט עמעצער אויסגערופנ. — כעווערע! וואניא!

ער האָט אופגעהויבנ די אויגנ, דערזענ די כאווײרימ אונ, ווי ער וואָלט זיכ אומגעקערט צו זיי פונ א ווײַטנ וועג, א דערפרייטער זיכ צעשמייכלט. אלע געדאנקענ זײַנענ צערונענ, ווי א כאָלעמ אינ דער מינוט פונ אופוואכנ.

יונגע קלינגענדיקע שטימענ האָבנ זיכ צעהילכט איבערנ וואלד, אונ ארקעס הויכ, ריינ קאָל — אינײנעמ מיט אלע:

Ой, ти, хмелю мій, хмелю зелененький
Де ти, хмелю, зиму зимував,
Що не розвивався?

Ой, ти, сину мій, сину молоденький,
Де ти, сину, ночку ночував,
Що не разувався?

* * *

פארטאָג האָט ארקע געפירט א געפאנגענעמ. דער דײַטש — פאָרנט, די הענט פארלייגט אפנ קריזש, אונ ארקע מיט אנ אָנגעשטעלטער ביקס א צוויי טריט אָפגערוקט — נאָכ אימ. ער האָט געקוקט אפ דעמ געפאנגענעמס פלייצעס אינ גרינבלעכנ געוואנט אונ זייער געוואָלט פאָרשטעלנ זיכ דאָס פאָנעמ, וואָס ער האָט ערשט מיט א האלבער שאָ פרוער געזענ, נאָר ס'האָט זיכ ניט געלאָזט, ס'איז צערונענ, ווי א וואסער־שפריצ אפ א שויב. א געוויינלעכ פאָנעמ, ווי ער געדענקט, גיכער אײדל אײדער פארקערט. א באלעבאטישער באָבער, קענטיק, א שטאָטישער. ווענ ער האָט באמערקט, ס'האלט שמאָל, האָט ער אופגעהויבנ די הענט. אינ די אויגנ האָבנ זיכ א ווײַז געטאָנ שרעק־העזעלעכ, נאָר אינ אלגעמיינ האָט ער זיכ געהאלטנ אָנ איבעריקער ציטערניש. אונ שוינ אינגאנצנ רויק, ווענ ס'איז קלאָר געוואָרנ, אז מע פאטערט אימ ניט גלײַכ אפנ אָרט, נאָר מע קלײַבט זיכ אימ פירנ ערגעצ. א געוויינלעכער יונגערמאנ, מיט איינ וואָרט, אינ קיינ פראט ניט אויסטערליש. טאקע אָט די געוויינלעכקײַט האָט ארקענ געערגערט מער פונ אלצ.

ארקע האָט נײַגעריק באטראכט די בלויע אָדערלעכ העכער די קלאָניעס פונ דעמ דײַטשס פארלייגטע הענט, די רויטלעכע עטוואָס אינ די זײַטנ סטארטשענדיקע אויערנ, דאָס קאנאווקעלע לענגזויס דעמ ידעריק געשוירענעמ בלאָנד־באהאָרטנ נאקנ, שארפ אלצ אײַנגעזאפט, אונ ס'האָט געצויגנ צעשרויפנ אָט דעמ קערפער אפ באזונדערע טיילנ, אופברעכנ אימ אונ ארײַנקוקנ אינעווייניק, וואָס איז דאָרטנ. ער איז אונ די עס־עס, האָט ארקע געטראכט, פונ יענע, וואָס דורכ זיי ווערט ס אָפגעטאָנ. פארוואָס זשע איז עס אפ אימ ניט קענטיק? אפ די הענט, אשטייגער — געוויינלעכע הענט, דארע, ראָזלעכ פונ קעלט. אר־

קע האָט א פאָר מאָל אָפגעהוסט, געוואָלט, דער דײטש זאָל זיכ אומקיקנ, ווען ער כאפט א בליק אימ אינ פאָנעמ ארײנ, נאָר יענער איז געגאנגענ ווײטער, ווי דאָס האָט ניט צו אימ.

פונעמ אויסגעשטעלטנ שפיצ באגנעט ביזנ רוקנ פונעמ היטלעראָוועצ איז געווענ א שפאנ. ארקע האָט זיכ אָנגעצייכנט אונטער דער לינקער לאָפעטקע אנ אָרט — פונקט קעגנ הארצ, ווי ער האָט זיכ מעשאער געווענ. „ווענ איכ שטעכ אָט דאָ ארײנ געגנ טיפ אונ נעמ פראָבע, האָט ער א טראכט געטאָנ, וועל איכ עפעס געווירע ווערנ צי נײנ?“.. ס'איז אימ אזש אינ די אויגנ טונקל געוואָרנ פונ באגער. — „ווערט ער אײנגעזונקענ, — האָט זיכ ארקע איבערגעשלאָגנ. — מײנ זאכ איז צושטעלנ אימ א רײדנדיקנ, אויספילנ דעמ קאָמאנדירס באפעל“. — אונ ער האָט אומיישנע גענומענ באטראכטנ די ביימער באמ וועג. ס'האָט אימ געכידעשט: פונוואנענ דאכט זיכ — אײנ פלאמענדיקער גוס, אונ נעענטער באמערקסטו, אז איטלעכס בלעטעלע האָט זײנ פארב, טאקע אלע ליכטיק. האָב פארשײדנ ביז גאָר... פלוצעמ האָט זיכ די ביקס א ריס געטאָנ פונ זײנע הענט, שיער ניט אוועקגעפלויגנ. דער דײטש האָט זי געהאלטנ אונ, אָפווענדנדיק די רער אינ א זײט, געצויגנ צו זיכ. ארקע האָט ניט געגעבנ. עטלעכע סעקונדעס זײנענ זיי געשטאנענ אָנגעשטרענגט ביז לעצט, ביידע צוגעקאָוועט צו דער ביקס, ניט אימשטאנד איבערוועגנ אײנער דעמ אנדערנ.

איצט האָט ארקע שוינ גוט געזענ דעמ דײטשס פאָנעמ: א זימלעכס, מיט א מײדלש-צארטער הויט, א קלײנ קאמצאָניש מויל, א קאלטער אָנגעצילעוועטער בליק... נאָכ א ווײלע גלײכגעוויכט האָט די ביקס ווידער זיכ אויסגעדרייט אזוי האסטיק, אז ארקע האָט זי שיער ניט ארויסגעלאָזט. אָט דער זײדענער דײטשישער יונגערמאנ איז, ווײזט אויס, געווענ געשולט אינ די זאכנ.

ווענ ארקע האָט אנ אופגערייצטער זיכ א נעמ געטאָנ צופנ, שלעפנ די ביקס צו זיכ, האָט דער דײטש לעכאטשילע זיכ אײנגעשפארט אונ מיטאמאָל א שפאנ געטאָנ אנטקעגנ, לײכט אומגעוואָלגערט אימ פונ די פיס אונ, צוקוועטשנדיק אימ צו דער ערד, גענומענ אופברעכנ די הענט אלעמאָל מיט אנ אנדער לאנג. — „ער קענ שטיקער באנדיט, נאָר שטארקער בינ איכ“ — האָט ארקע זיכ געזאָגט בא דער ערשטער געלעגנהײט אָפגעוואָרפנ דאָס געווער אינ א זײט אונ ארומגעכאפט דעמ דײטש מיט די אָרעמס, שטארק אימ אײנגעקלאמערט... „אזוי וועסטו זיכ שוינ פונ מיר ניט ארויסדרייענ“, — האָט ער געטראכט.

אונטנ איז געווענ אומבאקוועמ, האָט ער אלצ געשטרעבט זיכ ארופארבעטנ, עטלעכע מאָל שיער ניט געהאלטנ דערבײ, נאָר ניט געקאָנט דערפירנ ביזנ סאָפ. קערפער אָנ קערפער האָט זיכ געשטויסנ כריפ אונ קרעכצ פונ כינע האָט זיכ אויסגעמישט מיט שטילנ וואלדגערויש. די קערפערס האָבנ אינ געראנגל זיכ צוביסלעכ איבערגערוקט. ניט אָפגעבנדיק זײנ אויבערלאגע, האָט דער דײטש זיכ אלצ געפלײסט אויסלייזנ זײנ לינקע האנט, אלצ געשטופט, געשטרעקט זי אינ א זײט צו דער ביקס, אָט אָט כאפט ער זי אָנ. ארקע האָט

עם מער פארשטאנען, ווי געזען. ער האָט ענגער צונויפגעצויגן דעם
העגנערם עלנבויגנס, נאָר געפילט — לאנג וועט ער זיי ניט איינהאלטן.
ער דייטש איז פונויבן און וועט שוין געפינען עפעס א קונץ זיך
אויסצודרייען.

א שוואכקייט איז אים באפאלן, א טיפע געבראָכנקייט און מיד=
קייט. די מידקייט האָט ארומגענומען דאָס לייב, זיך צעגאָסן איבער
אלע מוסקולן, אריינגעדרונגען אין הארץ, אין מארך. צו וואָס ווידער=
שטאנד, אָנשטרענגונג, מאטערניש? אומזיסט און ניט קעדיי... דאָס
האָט געפּענטעט, אָפּגענומען דעם ווילן, פארזויגן, ווי א זומפּ. „די
עפאר איז אין דיר, אין דיר אליין, — האָט ער זיך געוואָרנט, —
וען דו כאפסט זיך ניט אוף טייקעף, ביסטו פארפאלן... נו, און זאָל
ין אזוי. פארמאכן די אויגן, אראָפּ, ווי א שטיין אין וואסער, און
א כאָפּ“... שוין אפן סאמע ראנד פון אָפּגרונט, ווען אלץ האָט זיך
אשלאָסן אין א הערעפּ=אין, איז געשען די ענדערונג. „הייסט עס,
זיך זאָל אומקומען, און ער, דער מענוול, זאָל זיך פרייען?“ האָט
ס אופגעקאָכט אין אים. „הייסט עס, אלץ זאָל זיי געשענקט ווערן,
און זיי זאָלן בלייבן די זיגער? ניין, דאָס טאָר ניט זיין!“..

דאָס איז געווען דער רויער דראנג, וואָס איז איינגעפלאנצט אין
עדער באשעפעניש, און דער שטאָלץ פון א מענטשן, אופגעוואכט
ין לייב און זעל פון א מענטשן=קינד, אייגענער ווי און ווי פון
וירעס, זייער טויזנטיאָריקע לאָדעניש מיט דער אומגערעכטיקייט, א
וויטער פון לייד און ליידנשאפט, דערינערונגען, געפילן און גדאנ=
ען. דאָס איז געווען אן אופברוך פון יענע באהאלטענע, ניט גע=
אָטמענע קויכעס, וואָס דו קאָנסט א לעבן אָפּלעבן און צו זיי ניט
נקומען און ניט וויסן פון זיי, נאָר אין א בייזער, שווארצער שאָ,
ן א לעצטער נויט יאָווען זיי זיך, און דאן הייבסטו אוף לאַכטן,
אָס דו וואָלסט קיינמאָל ניט אופגעהויבן, פארטראָגסט יעסורים,
אָס ביסט ניט אימשטאנד זיך אויסצומאָלן, טוסט אוף טיטאנישע
אטן.

ארקע האָט דערשפּירט, ער נעמט אים, דעם דייטש, די דייטשישע
פּן קנאקן. נאָך ברוטאלער אים איינגעקלעמט, ארונטערגעקנאָטן
נטער זיך און א פּאק געטאָן מיט די הענט פארן גאָרגל. גאָר דער
ארן פונעם הארץ, גאָר דער קויעך און בלוט זיינען אים ארײַן
ן די הענט. דער דייטש איז שוין אָפּגעפאלן, ווי א שמאטע, די
נג ארויסגעשטעקט, ס'איז שוין ניט געווען מיט אים וואָס צו
ען, און די פינגער האָט עס נאָך אלץ צונויפגעצויגן, ווי אין א
אמט.

ארקע האָט זיך אופגעהויבן. ווי ער וואָלט ארויס פון א פינצ=
טערער הייל, באנייס דערזען די ליכטיקייט פון טאָג, די אָראנזשעווע
מער, די הימל=בלוי: געגנומען די ביקס פון דער ערד, אָנגעטאָן
ם רימען אפן אקסל. שוין גרייט צום וועג, האָט ער פון דער
ט, ניט פריילעך אָנגעקוקט דאָס ווערק פון זיינע הענט. און אומ=
אָר ווידערגעפיל האָט אים געמאטערט. ער האָט געשענקט דעם
א קויל צום אָפּשייד, טאָמער פאלט אים נאָך איין קומען צו=זיך,
ן זיך אָפּגעקערט און אוועק.

# 6. א באגעגניש

ארקע איז געזעסן, ווי ער וואָלט מיטאמאָל עלטער געוואָרנ נאָכ אָט דער טרעפעניש. א באהאלטענע טיר האָט זיכ פאַר אים אָנ עפ: געטאָנ, אונ ער האָט דערזענ זאכנ, וואָס ער האָט ניט געהאט וועגנ זיי קיינ פאָרשטעלונג, דערזענ זיכ אליינ. ער איז געוווירע געוואָרנ: פאראנענ מוירעדיקע רעגעט, ווענ דו ביסט איבערגעלאָזט אפ דײַנ אייגענעמ באראָט, קיינער קאָנ דיר ניט קומענ צו הילפ. דאנ באַוויזט זיכ די מאָס פונ דײַנ רײַפקײַט אונ אכרײַעס. ער, ארקע, איז איצט איבערגעקומענ אָט אזא פּרוּוו, האָט אים געדאכט.

קאטיע האָט זיכ אומגעקערט, ווי שטענדיק, רויִק אונ וואכ, אָנ די מינדסטע סימאָנימ פונ מידקײַט, ביכלאל פונ דעמ, אז זי האָט עפּעס געטאָנ, כאָטש זי האָט דורכגעמאכט א גרויסנ פילטאָגיקנ וועג.

— ס'ארא טעריאָזנער דו ביסט געוואָרנ! — האָט זי געזאָגט, אָנקוקנדיק ארקענ מיט א שמייכל.

זי האָט מיט זיכ געבראכט עטלעכע צײַטונגענ. אינ אײנער פונ זיי איז געווענ א פּאָרטרעט פונ א פּליִער, א יונג פונ א יאָר עטלעכע אונ צוואנציק מיט א שיינ, פריילעכ, אָפנ פּאָנעמ. „אָט דאָס איז ער, איר פעדיע“, האָט ארקע געטראכט. „זי איז ניט פאר דיר אונ וועט קײנמאָל דײַנע ניט זײַנ“... אונ כאָטש ער האָט עס פריִער געוווּסט אונ שוינ ניט אײנ מאָל זיכ געזאָגט, האָט פונדעסטוועגנ זייער ווי געטאָנ. ער האָט זיכ געשטראָפט פאר אָט דעמ ווייטעק מיט ביטערע רייד: „ליבעס ביסטו אהער געקומענ זוכנ, זיסע טרייסטעלעכ? טריפ מיט בלוט!“.. אונ ער האָט זיכ נאָכ שטײַפער פארקרעמפּעוועט, אליינ ניט באמערקנדיק, גענומענ נאָכמאכנ קיריל פעטראָוויטשנ, אָפט אונטערגעצויגנ זיכ אינ גארטל, צענומענ די פּלייצעס, אופגעהויבנ דעמ קאָפּ, קעדיי, ווי ער, האלטנ זיכ גלײַכ, ניט דערלויבט זיכ מאכנ מיט די הענט, זעלטנ ווענ געשמייכלט, געקארגט א וואָרט.

אינ אײנעמ פונ די טעג האָט ארקע צופעליק פארבלאָנדזשעט אינ א פארוואָרפנ ווינקל, וווּ ס'איז אימ נאָכ ניט אויסגעקומענ צו זײַנ. אנ אופגעוועקטער איז ער געשטאנענ פאר דער טויבקײַט פונ דעמ אָרט. ס'האָט געצויגנ זיכ דורכגיינ מיט די ניט אויסגעפאָרשטנ סטעזשקעס, זעג, וואָס אינ די באהעלטענישנ איז באהאלטנ.

א כמורנע העק, באוואקסנ מייגסטנס מיט אָלכע, דאָס בלעטערוואַרג — ברודיק־ברוינ, אזש שווארצלעכ, ווי אלט־פארזשאווערטע שטיקלעכ בלעכ. דער באָדנ אונטער די טריט — א וואקלדיקער, זעלטנ וו ס'האָט זיכ געמאכט א פעסטערער פאס. די הארבסטיקע פרישקײַט פונ דער לופט — געמיישט מיט א הארבנ זומפּ־רייעכ. קיינ באוועגונג, קיינ קאָל פונ א פויגל. וואָס טיפער, אלץ אומהיימלעכער האָט דאָס אָרט אויסגעזענ. ארקע האָט שוינ געוואָלט אוועקגיינ, ווענ ער האָט דערהערט קלאנגענ, וואָס האָבנ אימ אויסגעוויזנ ביז גאָר קענטלעכ, נאָר ס'האָט זיכ ניט געלייגט אפנ סייכל, זיי זאָלנ באטײַטנ דאָס וואָס אימ דוכט זיכ. טיפ אײַנגעבויגנ אונ שטיל, אפ די שפּיצ פינגער, האָט ער זיכ גענומענ דערנענטערנ אהינ, פונוואנענ די קלאנ

גענ האָבנ זיכ דערטראָגנ אלצ קלאָרער. הינטער א ברייט פֿארצווײַגטער יאָדלע האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט. א פּאָר צענדליק טריט ווײַטער, באַ אנ אומבאמערקלעכ וואסערל, א פֿארגאנגוועטס אינ מאָכ, האָט א מענטש געוואשנ זײַנ העמד.

ס'איז, אפּנעמ, געווענ דעמ מענטשנס איינציק העמד. אינ דער שארפֿער קילקײַט פֿונעמ שפּעט=הארבסטיקנ טאָג איז ער געשטאנענ ביזנ גארטל א נאקעטער. דורכ דער אָפּגעצערטער הויט, אונטער וועלכער ס'איז שוינ קימאט גאָר קיינ לײַב ניט געבליבנ, האָבנ די ריפּנ אונ די שעדרע=ביינדלעכ געשטארטשעט בוילעט — איבערצוציילנ. ער האָט פֿאָרזיכטיק, ניט אופּצובויטנ דעמ בלאָטיקנ גרונט, גענעצט דאָס העמד אינעמ קארגנ וואסער, אופּגעהויבנ, געריבנ עס אינ די הענט, אויסגעדרייט, נאָכאמאָל אײַנגענעצט אונ איבערגעכאזערט אינ דעמ זעלבנ פּיידער. דערנאָכ האָט ער אופּמערקזאמ באטראכט זײַנ געוועש, געבליבנ ניט צופֿרידנ אונ ווידער זיכ גענומענ צו דער ארבעט.

ארקע האָט, ניט אײַלנדיק ארויסצוגייינ פֿונ זײַנ באהעלטעניש, מיט נײַגער נאָכגעקוקט דעמ מענטשנ, כאָטש ער האָט אימ גלײַכ דערקענט. די לאנג ניט געגאָלטע היפּש אָפּגעוואקסענע גרויע באָרד האָט אימ פֿארענדערט, נאָר דאָס פּאָנעמ איז אומעגלעכ געווענ ניט צו דערקענענ. א פּאָנעמ, וואָס איז באשטאנענ, אייגנטלעכ, נאָר פֿונ א שטערנ, א נאָז אונ ברילנ. די באקנ אונ די איבעריקע טיילנ האָבנ געהאט אזוי ווייניק מאמאָשעס, אז זיי האָבנ געמאכט אנ אײַנדרוק קימאט פֿונ הוילער לופֿט. אנ אויסגעצייכנטער ווײַט ארופּ אוועקגייענדיקער שטערנ, א גאנצ לאנגע איידל=געפֿורעמטע נאָז אונ קורצזיכטיקע, מידע, גוטע אויגנ אינ ברילנ. דער קערפּער אינגאנצנ האָט אינ די זאמטע צײַטנ פֿאָרגעשטעלט מיט זיכ מער א צייכענונג פֿונ קלייד, איידער פֿונ לײַב. אונ דאָכ איז אינ דער געשטאלט געווענ אנ אייגנארטיקע גראציע, אינ שטעל, אינ די באוועגונגענ — א ליכטיקע רויִקײַט, וואָס קומט פֿונ געפֿיל, אז דײַנס וועט קיינער ניט אָפּנעמענ, ס'איז פֿונ אזא מינ, אז סע לאָזט זיכ ניט אָפּנעמענ באַ קיינ שום אומשטענדנ.

אויסגעוואשנ דאָס העמד, האָט ער עס אופּגעהאנגענ אפּ א צווײַג טריקענענ. אפּ זײַנ פּאָנעמ האָט געשוועבט א שמייכל, אנ אויסשטראלונג פֿונעמ הארצנ. א שמייכל צו ליבע אונ פֿרײַנט, מיט וועלכע מע הערט ניט אופּ אינ געדאנק צו שמועסנ, זיי מעגנ זיכ געפֿינענ הונדערטער מײַלנ ווײַט, א ווענדונג צו מענטשנ דורכ וואלד אונ וויסטעניש.

אָפּגעפּארטיקט זיכ מיט דער ארבעט, איז ער אוועק א צענדליק טריט אינ א זײַט, פֿונ הינטער א קרושינע ארויסגעקראָגנ זײַנע זאכנ, אָנגעטאָנ די שיכ אפּ די באָרוועסע פֿיס, ארופּגעוואָרפֿנ דעמ מאנטל אפּ די נאקעטע אקסלענ, דאנ ארויסבאקומענ פֿונ דעמ זעלבנ אָרט א בוכ, זיכ אנידערגעזעצט אפּ אנ אומגעוואלגערטנ פֿוילנדיקנ אָסינע=שטאמ אונ זיכ פֿארטיפֿט אינ לייענענ.

א צערודערטער האָט עס ארקע נאָכגעקוקט פֿונ זײַנ באהעלטעניש. אלצ, וואָס ער האָט געזענ, איז געווענ געוויינלעכ ביז גאָר. אונ דאָכ האָט געצויגנ קוקנ נאָכ אונ נאָכ. דעמ מענטשנס אויסזענ, יע-

דער שטריכ אינ אימ, יעדער זשעסט אונ בליק, ווי נאטירלעכ זיי
זײַנענ ניט געווענ, האָבנ געכידעשט, גערירט, געפרייט, געעפנט די
אויגנ. ארקע האָט געפילט, ער וואקסט, קוקנדיק אפ דעמ מענטשנ,
גלײַכט זיכ אויס, א שטאָלצ אונ א קלאָרקײַט פילנ אימ אָנ.

זיי זײַנענ געווענ קימאט ניט באקאנט. ארקע האָט געוווּסט: דער
אלטער דינט אינ איינעמ פונ די שטאָטישע אנשטאלטנ, א ווייניק
אָנגעזעענער מיטארבעטער אונ אויכ א קנאפער געזעלשאפטלעכער
טוער, דאָכ אינ גאס בא א באגעגעניש האָט ער שטענדיק ארקענ
נעגריסט אונ דערבײַ אזוי ווארעמ געשמייכלט, ווי מע וואָלט זיכ
ערשט ניט לאנג צעשיידט נאָכ עפּעס זייער א הארציקנ שמועס. אָט
דעמ שמייכל האָט ארקע פארגעדענקט, גאָר אזוי נאָענט איז אימ
נאָכ קיינמאָל ניט אויסגעקומענ דעמ אלטנ צו זענ. ס'איז געווענ
אפילע ווונדערלעכ, וואָס א מענטש פאר זיכ אליינ, זײַנ שטיינ אונ
גיינ אונ טאָנ, די שאָטנס, וואָס לויפנ דורכ איבער זײַנ פּאָנעמ, די
ענדערונגענ, וואָס שפּיגלענ זיכ אינ די שווארצאפּלענ, זאָלנ אזוי רירנ,
וועקנ אזויפיל געפילנ.

ענדלעכ איז ארקע ארויס פונ הינטער דער יאָדלע. דער אלטער
האָט באומרויקט אויסגעקערעוועט דעמ קאָפּ צו די אָנקומענדיקע
טריט, נאָר וואָס א רעגע איז דער בליק זײַנער געוואָרנ אלצ ווײַ-
כער, פרײַנטלעכער. ער האָט זיכ אופגעהויבנ, דערלאנגט דעמ באַ-
בער די האנט.

— ארקע מייטעס? — האָט ער א פרעג געטאָנ ניט אינגאנצנ
זיכער.

— יאָ, כאווער ליפשיצ.

א צײַט זײַנענ זיי געשטאנענ איינער קעגנ דעמ אנדערנ אָנ רייד.
„ער איז שוינ, אפּאָנעמ, לאנג אינ וואלד, — האָט ארקע געמאכט דעמ
כעזשבנ, — פונ זינט יענער נאכט, ווי איכ“...

— דאָ, הייסט עס, וווינט איר? — האָט ער געפרעגט.

— א ביסל ווײַטער האָב איכ א שטיקל שאלאש. איכ בעט דיכ
ניט אהינ, ווײַל דאָ איז פרײַער. אנטשולדיק, וואָס איכ נעמ דיכ אופ
אזוי ניט לײַטיש אָנגעטאָנ. אָקאָרשט אויסגעוואשנ האָס העמד. זיצ. —
האָט ער אָנגעוויזנ אפנ קלאָצ א גלאט אָרט.

מע האָט זיכ געזעצט.

— קוקסט אפנ בוכ? — האָט דער אלטער געזאָגט. — וועגנ נאַ-
פּאָלעאָנענ. גראָד געהאלטנ דעמאלט אינ לייענענ אונ פארכאפּט עס
מיט זיכ.

ארקע האָט צונויפגעדרייט א פּאפּיראָס, פאָרגעלייגט דעמ אלטנ
צונויפצודרייענ, נאָר יענער האָט זיכ אָפּגעזאָגט — ער רייכערט ניט.

— אונ ווי קומט איר אויס מיט עסנ?

— איינ מאָל אינ וואָכ גיי איכ ארויס פונ מײַנ בערלאָגע. אפ אנ
אָפּגערעדט אָרט געפינ איכ א לעבל ברויט, עטלעכע ציבעלעס.

— עמעצער פונ דאָרפ ברענגט?

— יאָ. האנע הייסט זי. האָט א זונ א טאנקיסט. א שוועסטער
וואָלט ניט זײַנ געטרײַער. אנומלטנ בינ איכ פונקט אָנגעגאנגענ, ווענ

זי האָט זיך געיאָוועט מיט איר גאַב. קוקט זי אַף מיר, שאָקלט מיטן קאָפּ. „און ווינטער, — פרעגט זי, — וואָס וועט זײַן?“

— און וואָס וועט אינדערעמעסן זײַן ווינטער?

— שווער צו זאָגן. פאַריקע וואָך, בײַם די רעגנס, איז שוין געווען אַ נאַכט, ווען איך האָב געמיינט — אַן עק, מער האַלט איך ניט אויס. און איך האָב אויסגעהאַלטן, ווי דו זעסט... מיר האָבן דאָ געבלאָנדזשעט אין וואַלד אַ גאַנץ ביגמל: פּייסי דער שוסטער, נעכאַמע טאַבאַטשניק מיט די צוויי קלענערע קינדער, קאַפּלאַן דער בוכהאַלטער, און נאָך. די דײַטשן זײַנען אונדז פאַרלאָפן דעם וועג.

— ווו זשע זײַנען זיי אַלע?

— אויסגעשטאָרבן. ווער פון הונגער, ווער פון קרענק. נאָר איך, דער גוואַר, בין געבליבן. דער איינציקער... ראַדיאָ הערט איר? ס׳מערקט זיך אָן עפּעס נײַס?

— דערווײַל ניין.

— ס׳מוז געשען אַן איבערבראָך. און אינגיכן, אַנדערש קאָן ניט זײַן. מענטשן האָבן טויזנטער יאָרן געהאָרעוועט, אָנגעזאַמלט קוילעס, פאַרמעגן, זאָל קומען אַ מענגוויל און ווערן דער יורש? ניין. פון וואָס פאַר אַ בלאָטע אָט דער שוואַרציאָר האָט זיך אויסגעריסן אַף די מענטשנס קעפּ, פאַרשטיי איך ניט, נאָר לאַנג וועט ער ניט געוועלטיקן, ניין.

אַ שוואַכע פאַרב האָט באַשלאָגן די פאַפּירענע באַקן, באַלד האָט ער אַ שמייכל געטאָן, פאַרשעמט פאַר זײַן אופגערעגטקייט, און זיך פאַרטראַכט אַף אַ מינוט. שוין באַרויקט, האָט ער געזאָגט:

— איך האָב געוווּסט, אַז ערגעץ זײַט איר דאָ אין וואַלד פאַראַן. ס׳האָט זיך געפילט. נאָר אַף אַזאַ גאַסט האָב איך זיך ניט געריכט. בײַ די פאַרטיזאַנער, פאַרשטייט זיך?

— יאָ.

גוט. ריכטיק. איך אַליין, ווען איך קאָן מוינ צו עפּעס... ווי מיינסטו, מע וואָלט מיך נעמען?

— איך קאָן ניט זאָגן. געוווער פעלט אויס אפילו פאַר די, וואָס קאָנען זיך מיט דעם באַגיין.

— איך פאַרשטיי. נו, מירן פרוּוון איבערוואַרטן אַזוי. שוין, עפּשער, ניט לאַנג...

אַרקע האָט זיך אופגעהויבן אוועקצוגיין. ליפשיץ האָט אים באַגלייט. ווען דער באָכער האָט גענומען פאַרקערעווען אין יענער זײַט, וווּהין זײַן וועג האָט געפירט, האָט אים דער אַלטער אָפּגעשטעלט:

— דאָ ניט ווײַט געפינען זיך די בערגלעך, ווו זיי ליגן באַהאַלטן.

אין אַ גוט פאַרשטעלטן אָרט האָט אַרקע דערזען נידעריקע, שמאָלע בייטעלעך, באַוואַקסענע מיט אָרעמען גראָז, באַשאָטן מיט געלע בלעטער. די בייטלעך האָבן פאַרנומען די מיט און די ווינקלען פון דעם קליינעם פּלאַץ. אַנדערע צעוואָרפן אין אומאָרדענונג, אַנדערע אין שורעס ענג איינס לעבן אַנדערן: אַ ייִדישער בעסוילעם אין וואַלד. אַ צײַט איז מען געשטאַנען, געשוויגן, דערנאָך זיך אָפּגעזעגנט.

— אַז דו וועסט קומען מיט דער גוטער בסורע — איך וועל זיך ריכטן אַלע טאָג — האָט דער אַלטער געזאָגט, — פאַרגיי אהער און

קלאפּ אָנ אינ דער ערד מיט אָט דעמ אָ. — ער האָט אָנגעוויזנ אפ דער ביקס. — אונ טאָמער וועסטו באגעגענענ פּייסיס זונ אונ נעכאמעס זונ — זיי זײַנענ ערגעצ אפ די פראָנטנ — ברענג זיי אהער. אָט דאָרט אינ ווינקל ליגט פּייסי אונ אנטקעגנ — נעכאמע...

ארקע איז געגאנגענ צוריק. ס'איז געווענ א שטילער טאָג, קאלט אונ זוניק. די ביימער — קימאט הויל. געציילטע בלעטער האָבנ געשײַנט פונ די טונקעלע צווײַגנ. ארקע איז געגאנגענ געבויגנ דעמ קאָפּ, שארפזיכטיק געקוקט אינ די זײַטנ, ווייכ געשטעלט די טריט אפ די בלעטער, נאָר פארטאָנ געווענ אינ זיכ, אינ דעמ געפיל, וואָס איז אימ צוגעקומענ נאָכ אָט דער באגעגעניש. עפּעס האָט זיכ געלייגט אפ זײַנע פּלייצעס אנ אָנלאָדונג, וואָס ער איז ניט פרײַ פונ איר אוועקצולייגנ. ער איז ניט קיינ אָפּגעריסנ בלעטל, ניט אליינ. שאָטנס שוועבנ ארומ אימ, זייערע לעצטע אָטעמס, זייערע האָפענונגענ.. ווי ס'איז געלעגנ אינ זײַנ נאטור אונ אינ זײַנ עלטער, האָט ער זיכ גיכ פארטראכט וועגנ עפּעס אנדערס, נאָר אינ הארצנ איז עס פארבליבנ.

* * *

פרעסט האָבנ א נעמ געטאָנ פריער ווי געוויינלעכ, זאווערוכעס זײַנענ אָנגעפלויגנ. מיטנ גאנצנ לײַב האָט ארקע דערפילט: ס'גייט א לאנגער בייזער ווינטער, אונ לעבנ וועט מענ אינ דרויסנ. ניטאָ קיינ אויוונ זיכ אָנצוווארעמענ, ניטאָ צו וועמענ זיכ צוטוליענ. אינ זיכ אליינ דארפ מענ געפינענ די קויכעס אלצ אויסצושטיינ. שפאנענדיק דורכ ווינט אונ שניי, האָט ער זיכ אײַנגעהערט אינ זײַנע געבליטנ, ווי זיי שטארקנ זיכ צומ געראנגל, קוועלנ אופ האָזעדיק דערקעלט אנטקעגנ. דאָס איז אימ געווענ אָנגענעמ. דאָס האָט אימ געגעבנ דעמ ווערדע-באוווסטזײַנ, וואָס האָט אימ ביז אהער געפעלט. אזוי פילט זיכ אנ עמעס-דערוואקסענער, האָט אימ געדאכט.

— קאראס, — האָט קיריל פעטראָוויטש אינ איינעמ פונ די טעג זיכ צו אימ געווענדט. — דײַנ אלטער דאָרטנ — ער וועט דאָכ פארפרווירנ ווערנ. איכ האָב דאָ אָפּגעשפּאָרט א פעלצ, א פוטערנ היטל, פּוישטנ א פאָר פונ א קליינער מאָס. פאר אימ, ווי דו מאָלסט אימ אויס, קאָנענ זיי דאפּקע טויגנ. הײַנט, פארבײַגייענדיק, טראָגט עס אימ אָפּ.

די סטעזשקע צומ שאלאש איז געווענ פארווייט. שטייענדיק ביז די קני אינ א הורבע שניי, האָט ארקע, ווי באמ ערשטנ מאָל, נאָכגעקוקט דעמ אלטנ. ער האָט געטאנצט, געטופּעט אפ איינ אָרט, אָנ אופהער געביטנ די פיס, געריבנ די אויערנ, די נאָז, די הענט, פאריכט די ברילנ, זיי זאָלנ ניט אראָפּפאלנ, אונ אלצ געטאנצט. דאָס פּאָנעמ, דער קערפּער — מוירעדיק אָנגעשטרענגט. ער האָט, קענטיק, שוינ לאנג אזוי געטאנצט, א סאכ טעג אונ נעכט. דערזענ ארקענ, האָט ער זיכ א וואָרפ געטאָנ אימ אנטקעגנ.

— נו? — האָט ער אומגעדולדיק אויסגערופנ. — מע האָט זיי דערלאנגט, יאָ?

— דערווײַל ניינ, — האָט ארקע געענטפערט, אוועקגעלייגט פארנ אלטנ די זאכנ. — אײַכ. א מאטאָנע פונעמ אָטריאד. בא דער ערשטער

געלעגנהייט וועלנ מיר אײַכ איבערפּעקלענ אפ יענער זײַט. דער קאָמאנדיר האָט אײַכ אינ זינענ.

דער אלטער איז געשטאנענ, ליאסקענדיק פונ פיבער מיט די ציינ, געקוקט אפ דער מאטאָנע און געשאָקלט מיט די ליפּנ.

— א דאנק, א גרויסנ דאנק. — האָט ער ענדלעכ אויסגערעדט. — איכ ווייס, אז היטלער וועט ברעכנ דעמ קאָפּ, דאָס איז דאָכ קלאָר, ווי דער טאָג. נאָר ס'ווילט זיכ דערלעבנ, זענ עס אלײנ מיט די אויגנ... א דאנק. דעמ קאָמאנדיר אײַערנ און אלעמענ. א גרויסנ דאנק.

ער האָט אָנגעמאָסטנ די זאכנ, זיכ דורכגעגאנגענ הינ און צוריק, אלצ ניט געקאָנט באצווינגענ דעמ פיבער, וואָס האָט אימ געטרייסלט.

— אינ אָרדענונג. פּונקט וואָס מע דארפ — האָט ער געזאָגט. — הערסט, ארקע? דאָס זײַנענ טײַערע פּרעסט! רוסישע פּרעסט, וואָס ווייסנ וועג צו קומענ. דוירעס וועלנ זיכ בענטשנ מיט די פּרעסט.

— וואניא, צײַט גיינ! — האָט עמעצער א רופ געטאָנ פונ צווישנ די ביימער.

— ווער איז עס? — א כאווער, פארשטייט זיכ, — האָט דער אלטער געפרעגט און גלײַכ זיכ אלײנ געענטפערט. — און ווער איז וואניא?

— דאָס בינ איכ. אזוי הייס איכ צווישנ אייגענע.

— צווישנ אייגענע איז עס, נאטירלעכ, איבעריק. נאָר פאר זײַטיקע, מע זאָל ניט דערקענענ. איכ פארשטיי.

— ניינ, פּאָשעט. אזוי האָט זיכ געמאכט. ניט ווילנדיק. נאָר אמאָל קלער איכ שוינ: ווער געדענקט אימ נאָכ, מײַנ היימישנ נאָמענ? נו, איר. און ווער נאָכ? וויפל זײַנענ מיר און ווער? שערבלעכ. בלאָנדזשענדיקע רעשטלעכ.

— ס'איז נאָכ פרי פאר סאכאקלענ, — האָט דער אלטער זיכ אָפּגערופנ שטרענג. — פאראנ נאָכ יידנ. און די אומגעקומענע. זייער בלוט שווײַגט אויכ ניט... נו, איר אײַלט זיכ, איר דארפט זיכ אײַלנ. איר האָט וואָס צו טאָנ. גיי. און גיכער ברענג די גוטע בסורע.

ארקע איז אוועק. דער אלטער איז געבליבנ אלײנ. רויכערנדיקע ווײַלנ שניי האָבנ אימ פארוויקלט. ס'האָט געוויכערט. צווישנ די הויכע צווײַגנ איז געגאנגענ א ווילדע קוויטשערײַ, א פיל־קוילעסדיקער געוווי, ווי אפ א וועלפישער כאסענע.

## 7. געבורטס־טאָג

מע איז געווענ אינ וועג שוינ דעמ אכטנ מעסלעס. פריִער דער מארש אהינ א קנאפּע הונדערט קילאָמעטער דורכ א זאווערוכע, וואָס האָט געמישט הימל און ערד, דערנאָכ, אינײַנעמ מיט די איבעריקע אָטריאדנ — דער אָנפאל אפנ דײַטשישנ שטאב, א געפערלעכע, האָזארדיקע אונטערנעמונג, וואָס האָט געפאָדערט פונ איטלעכנ די העכסטע אָנשטרענגונג, און איצטער דער צוריקמארש. מע האָט זיכ געשארט דורכ געדיכטעניש, וווּ קיינ סימענ פונ קיינ שטעג האָט זיכ ניט געזענ, געזונקענ ביזנ בויכ אינ טיפנ שניי. פלי־מאשינענ האָבנ גאנצע טעג גענישטערט, זיכ אומגעדרייט נידעריק איבער דער געגנט. דאָס

עסנווארג איז אויסגעגאנגען. די רעשטלעך האָט מען געהאלטן פאַר די עטלעכע פארוווּנדעטע, וואָס מע האָט מיט זיך געטראָגן. וועגן ארויס אין א דאָרף, פרוּוון עפּעס קריגן האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין. די מענטשן האָבן קוים געשלעפּט די פיס, אמאָל א כאַפּ געטאָן פון א צווייג, פון דער ערד א ביסל שניי אין מויל און ניט אופגעהערט צו גיין. אין דער שפּיץ — קיריל פּעטראָוויטש, בלייך, מיט אן אייזערן פּאָנעם. ער האָט פארבאָטן צוריידן וועגן רו. אָפּשטעלן זיך הייסט פארפרוירן ווערן. ער האָט עס געזאָגט איין מאָל, שטיל, מיט קארגע ווערטער, נאָר אלע האָבן פארשטאנען — דאָס איז א געזעץ.

מ'איז געגאנגען אזוי שוין דעם דריטן מעסלעס. יאראָשעוּקאָ, שווער פארוווּנדעט, האָט זיך געבעטן:

— וואָס שלעפּט איר מיך? דערשיסט, און אראָפּ א מאכע פון דער פּלייצע.

מע גיט אים א לעק פּוטער, א שטיקל צוקער, טײַנעט ער:

— צו וואָס פּאטערן אומזיסט אזא טײַערן פּראָדוקט? גיט מיר אָפּ מײַן לעצטע פּאָרציע — א קויל אין שלייף — און גייט געזונט.

קיריל פּעטראָוויטש האָט זיך ענדלעך אָפּגערופן:

— דײַנע ווערטער לייגן זיך אפּ אלעמען שווערער, ווי דײַנע עטלעכע פּוד וואָג. איך זאָל מער אזויגס ניט הערן.

קאטיע איז געלעגן אפּ דער פלאשטש־פּאלאטקע א בלייכע און א רויִקע. צוגעדעקט מיטן פּעלץ ביזן קין, די אויגן אָפּן, איז זי געלעגן שווײַגנדיק — קיין קרעכץ, קיין קרים. ארקע טראָגט זי אין פּאָר מיט עמעצן, קוקט אפּ איר, ווייסט, זי איז פארוווּנדעט אין שינביין, קער שטארק לײַדן, און דאָך איז אים גוט דערפון, וואָס ער טראָגט זי.

ארקע האָט זיך ביסלאַל געפילט שטײַפ, די כאוויירים און אליין קיריל פּעטראָוויטש האָבן געלויבט זײַן האלטונג בײַם דער אָפּעראציע. דאָס האָט אים געגעבן דאָס געפיל פון שטאָלץ און וואָג, וואָס ער האָט אזוי זעלטן פארמאָגט. כ'האָט נאָר געריצט די שטענדיקע מאכשאָווע וועגן עסן. „אָט א כײַע", — האָט ער גענודלט דעם הונגער, וואָס האָט דאָרט אינעווייניק ניט צורו געלאָזט. — „פרעסן גיב איך. קאָן ניט צוווארטן, אז מע דארף".

מ'איז געגאנגען באטאָג און באנאכט, אָן שלאָף. דער שלאָף איז אין מארך, אין די ביינער. באלד לעשט ער אויס דעם לעצטן פונק באוווּסטזײַן, פארשלינגט דעם לעצטן טראָפּן ווידערשטאנד. נאָר ערגעץ אינעם נעפּל וואכט דער ווילן, וואָרנט, באפוילט: ניט אונטערגעבן זיך! ניט אָפּשטעלן זיך! פאָרויס!..

באנאכט איז מען געגאנגען מיט א שמאָלן וואלד־וועג איינער הינטער דעם אנדערנ; האנט אפּ אקסל, אין קײַטעלעך צו צוויי, צו דרײַ. דער פאָדערשטער פירט. דער הינטערשטער גייט מיט פארמאכטע אויגן. שפּירנדיק דעם כאווערס אקסל אונטער דער האנט, האָט ארקע געדרעמלט גייענדיק. אין דרעמל האָט ער געזען: מע באגלייט אים — די מאמע און די שוועסטער ריווע, פּייסי דער שוכטער און פראָכאָר דער משאבאן, גיטעלע, די מומע אָליע און נאָך און

נאָכ — א מענגע. זיי באוועגנ זיכ אמאָל אָפּגעריקט, צווישנ די ביימער, אמאָל גאָר נאָענט, קימאַט אָנגרירנדיק. ער ווייסט, אז זיי זײַנענ דאָ ניטאָ; אנדערע זײַנענ טויט, אנדערע זײַנענ ווײַט, נאָר ער זעט זיי פונדעסטוועגנ. ער הערט א שעפּטשענ, מע רופט אָנ זײַנ נאָמענ: „ארקע, ארטשיק, וואניטשקא, וואניא“...

אז זײַנ ריי איז געקומענ צו פּירנ, האָט ער דערפילט, אז דאָס ביסל דרעמל האָט אימ בלויז צעמאָרעט, ס'ווילט זיכ נאָכ. ער האָט זיכ געראנגלט מיטנ באַגער, אלעמאָל אופגעריסנ די אויגנ, נאָר באמערקט, אז די סטעזשקע איז א גלײַכע, האָט ער זיי ווידער געלאָזט זיכ פארמאכנ. דערנאָכ איז ער ארײַנ אינ א וואָלקנ. פארוואָלקנטערהייט זיכ אָנגעשטויסנ אינ א בוימ, ארומגענומענ אימ אונ זיכ צוגעטוליעט. ער האָט געהערט, אז מע טרייסלט אימ, מע שטורכעט, אונ ניט געקאָנט זיכ אָפּרײַסנ, אלצ שטארקער זיכ צומ בוימ געטוליעט, געהאלטנ אימ פעסט, מיט יעדע ביידע אָרעמס. ערשט, אז מע האָט אימ געטאָנ עטלעכע גוטע קניפּ, האָט ער זיכ אופגעכאפּט.

אינדערפרי האָט מענ עס איינער דעמ אנדערנ דערציילט, דערבײַ געטריבנ א ביסל שפּאס, ווי געווייגלעכ. ארקענ האָט געארט ניט אזוי דער גוטמוטיקער שפּאס פונ די כאוויירימ, ווי דאָס, וואָס ער איז ניט בײַגעשטאנענ אזא פּרווו, ווי ניט אנשלאָפנ ווערנ, ווענ אימ איז פארטרויט געווענ וואכ צו זײַנ. אונ א כארפּע צו דערציילנ: אינ דער מינוט, צי וויפל ער איז דאָרט געשטאנענ ארומגענומענ מיט דער סאָסנע, האָט זיכ אימ אפילע עפּעס א כאָלעמ געטאָנ. ער געדענקט ניט קלאָר וואָס, נאָר ס'איז פונ דעמ אזוי ווארעמ אונ גוט געוואָרנ אינ גאנצנ לײַב. פאר גוטסקײַט האָט ער א קוש געטאָנ דעמ בוימ, אינ די פארײַזטע שטעכיקע קאָרע האָט אופגעברויזט אונטער זײַנע ליפּנ מיט פרילינג אונ לעבנ.

אונ דאָכ איז ער ניט דער, וואָס מיט עטלעכע כאדאָשימ צוריק, א ביסל האָט ער זיכ פארהארטעוועט פאר דער צײַט אונ געוואָרנ מער מענטש אויכ. די קינדישע בענקעניש נאָכ אנ אָנשפּאר, נאָכ א א ווארעמער נעסט איז אריבער. דורכ שטורעמס אונ שלאכטנ טראָגט ער זײַנ לײַב מיט ווערדיקע מאנצבלענ צוגלײַכ, גרייט נעמענ אפּ זיכ אכרײַעס נאָכ פאר עמעצנ: פאר נאָענטע אונ ליבע, פאר א פאָלק, פאר א וועלט...

דער טאָג האָט זיכ אופגעהויבנ מיט א הארבנ אָנווינטיקנ פראָסט, מיט א קאלטער בריליאנטענער זונ אפּ בארויקטע שנייענ. די ביימער האָבנ געקנאקט, אונ ס'האָט זיכ געאָטעמט וווּנדערלעכ גרינג. א מעגערישקײַט איז געווענ אינ דעמ טאָג, א ריינקײַט אונ א קראפט. ארקע האָט זיכ דערמאָנט: הײַנט ווערט אימ אכצנ יאָר. זײַנ געבורטסטאָג. אינ דעמ טאָג פלעגט די מאמע געוויינלעכ באקנ א זיסנ קוכנ מיט קעז אונ קישמיש... געווים קומט אלצ אָנ לײַכטער, אז מ'איז בא זיכ אפּ אנ אָרט, ווו איטלעכ קאָלדאָבינקעלע איז באקאנט. נאָר אז ס'איז אזא ערד־טרייסלעניש, אונ פונ איטלעכנ פאָדערט זיכ מער, וויפל ער האָט געוווסט, אז ער פארמאָגט, מוז מענ געפינענ אינ זיכ קויכעס...

מע איז שוינ לאנג ארויס פונ געפאר אונ געגאנגענ איבער באַ-קאנטע ערטער, ווו מע האָט זיכ געפילט באלעבאטיש. מע האָט גע-קראָגנ אינ א דאָרפ שפּײַז אונ עפּעס איבערגעכאפּט. די פּארטיזאנער זײַנענ פרײלעכער געוואָרנ.

— וואניא, ווו ביסטו? א ליד! — האָט עמעצער אויסגעשריענ.

ארקע איז גראָד געווענ פארנומענ; מיט נאָכ אײנעמ אינ פּאָר געטראָגנ קאטיענ.

Засвистали казаченьки
В похід з полуночи.

האָבנ יונגע שטימענ זיכ צעהילכט איבערנ וואלד, ניט צו פּאַר-שטײנ, פונוואנענ האָט זיכ נאָכ גענומענ צו זײ אזויפיל ברענ. אונ ארקע האָט, ניט אויסהאלטנדיק, זיכ אָפּגערופנ, פונווײַטנ ארײַנגעפאלנ אינ געזאנג:

Заплакала Марусенька
Свои ясні очи.

קאטיע האָט געשמייכלט.

—★☆★—

# עלטערנ

נאָכ מיטיק האָט מיכאיל יאנאָוויטש ליבמאנ זיכ צוגעשפּארט אָפּרוענ. ער האָט א קוק געטאָנ אפנ זייגער — האלב זיבנ.

— פּונקט אינ א שאָ ארום וועק מיכ אופ — האָט ער געבעטנ דאָס ווײַב, וואָס איז געווענ פארנומענ מיט צוראמענ פונ טיש, וואשנ די געפעס.

— גייסט ווידער אוועק אפ א גאנצנ אָוונט?

— מע דארפ, באסינקע. מענטשנ איז דאָ ווייניק, אונ ארבעט א סאכ. ווו איז די צײַטונג?

באסיע יאקאָוולעוונע האָט אויסגעווישט די הענט, דערלאנגט דעמ מאנ, וואָס ער האָט געבעטנ, אונ אונטערגעלייגט אימ א קישעלע צוקאָפּנס.

— פונ איליושינקענ, — האָט זי געזאָגט, — איז הײַנט אויכ ניטאָ גאָרניט.

ער איז געווענ באומרויִקט ניט ווייניקער פונ איר, דאָכ האָט ער זי געטרייסט:

— עפּשער האָט ער ניט באקומענ אונדזער נײַעמ אדרעס. עפּשער איז א בריוו פארפאלנ געוואָרנ. ס'מאכט זיכ, ביפראט אינ אזא צײַט.

זי האָט זיכ צוגעזעצט צומ מאנ אפנ געלעגער.

— באנאכט האָט ער זיכ מיר געכאָלעמט. יינגעלע מײַנער; ער גייט ארײַנ אינ שטוב א אזא, א שײַנענדיקער, אונ זאָגט: „מאמע, איכ האָב כאסענע געהאט“... אונ מיר האָט זיכ פונ די ווערטער אינ הארצנ אָפּגעריסנ.

— פארוואָס? א גוטער כאָלעמ... ווענ פאָרט איר מיט דער שול אינ קאָלווירט?

— עפּשער נאָכ הײַנט, אויב ס'וועלנ זײַנ מאשינעס. מיטיקנ וועסטו, ביז איכ וועל זיכ אומקערנ, אינ דער סטאָלאָווקע; די שכײַנע וועט דיר ארײַנטראָגנ איבער א טאָג א האלבנ ליטער מילכ. זי האָט מיר צוגעזאָגט. פּאָמידאָרנ ליגנ אפנ פענצטער. קעראָסינ פארנ פּרימוס האָסטו אינ בידאָנ. אפ די צענ טעג, וואָס איכ וועל ניט זײַנ אינ דער היימ, האָב איכ דיכ באזאָרגט.

— נו, אויב אזוי, מעג איכ רויִק כאפּנ א דרעמל.

— שלאָפ, שלאָפ, אונ איכ וועל דערווײַל ברענגענ אינ אָרדענונג איליושינקעס ווארעמע וועש. זונטיק וועסטו אָפּשיקנ. אָסיענ, די נעכט זײַנענ שוינ קאלטע.

אין דעם מאַנצבלס אויגן, וואָס זײַנען שוין געווען צוגעמאַכט, איז זיך צעשווומען א שמייכל.

— געדענקסט, ווי ער האָט זיך געהאַרטעוועט — האָט ער זיך דערמאָנט. — ווינטער אין אײַנע טרוסיקעס געמאַכט גימנאַסטיק אויפן באַלקאָן. יצרײַסט אַפּ אימ, און ער — אַפּ אַלע דײַנע געשרייען — אײַן ענטפער:

«Если завтра война
Если завтра поход»...

אַזוי האָבן מאַן און ווײַב דעם סאַמע טאָג שטיל געשמועסט. זיי האָבן צוזאַמען א לעבן אָפּגעלעבט, און איצט, פאַרטריבענע פון דער היים, אָפּגעריסענע פון די קינדער, שטאַרקער ווי ווען ניט איז געפילט דעם ווערט פון זייער אַלטער פרײַנטשאַפט.

ער איז געווען א בוכהאַלטער, זי — א לערערין. דאָס זײַנען געווען באַשיידענע האָרעפּאַשנע סאָוועטישע מענטשן, וואָס האָבן בײַ אַלע אומשטענדן געטרײַ געטאָן זייער אַרבעט. איצט, אין דער ווײַטער קליינער שטאָט, וווּהין די מילכאָמע האָט זיי פאַרוואָרפן, האָבן זיי געלעבט שטיל, ווי אַלעמאָל, זיך אַפּ גאָרניט ניט באַקלאָגט, איבערגעטרייסט:

— ס'א שווער שטיקל צײַט. ס'וועט זיך ענדערן. דער באַנדיט מוז ברעכן דעם קאָפּ.

ווי אומבאַקוועם מע האָט ניט געלעבט, אָן די נייטיקסטע שטיבזאַכן און קיילים, איז דאָס ענגע צימער שטענדיק געווען ציכטיק צוגעקליבן, מיכאַיל יאַנאָוויטש — ריין געגאָלט, די קליידער אַפּ אים אויסגעבערשטלט, דאָס אויבערהעמד — זויבער. א הויכער, א דאַרער, מיט גרויע שלייפן, האָט ער איצט, ווי אַלעמאָל, דעם קאָפּ געטראָגן הויך, און זײַן שטאַרק אָפּגעמאָגערט פּאָנעם האָט אויסגעדריקט ווערדע און טיפן ערנסט.

מע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. א מיידל פון א יאָר זעכצן איז אַרײַן, א בלאָנדס און א פולס, מיט א פריש קינדיש פּאָנעם.

— שוין דאָ די מאַשינעס? — האָט באַסיע יאַקאָוולעוונא געפרעגט בײַ דער אַרײַנגעקומענער און אָנגעוווּנקען אַפּן מאַן: ער שלאָפט דעריבער, הייסט עס, רעדט זי אַזוי שטיל.

— יאָ — האָט יענע נאָך שטילער געענטפערט. — איר פאָרט מיט אונדז?

— פאַרשטייט זיך, ליובאָטשקע.

אין ליובאָטשקעס אָפענע ליכטיקע אויגן האָבן זיך געמישט פאַרלוירנקײַט, באַגײַסטערונג, באַהאַלטענע טרערן.

— אײַער ראַדיאָ — האָט זי געשעפּטשעט — שווײַגט די גאַנצע צײַט?

— כ'האָב אויסגעשלאָסן אַפּ דער שעה. פאַראַן עפּעס נײַס?

— ווייסט איר ניט... איצט פאַרשטיי איך שוין.

— וואָס ווייסן מיר ניט?

— וועגן... וועגן אײַער איליושען.

מיכאַיל יאַנאָוויטש האָט, קענטיק, געהערט דעם שמועס, כאָטש ער איז געלעגן מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט. ער האָט א גיכן בליק

געטאָנ אַפנ זייגער, באַלד זיכ אופגעהויבנ און איינגעשלאָסנ די ראַדיאָ. אַלע האָבנ זיכ אויסגעקערעוועט צום רעפראָדוקטאָר.

מע האָט געהאַלטנ אינ איבערגעבנ די אָוונט-אינפאָרמאַציע. ס'איז געווענ האַרבסט 1941 יאָר, ווענ די געפערסטע אָפיציעלע יעדיִעס פונ פראָנט האָבנ געקלונגענ, ווי קאַפיטלענ פונ א לעגענדאַרנ העלדנ-עפאָס. די דרײַ אינעמ צימער האָבנ מיט קלאַפנדיקע הערצער געוואַרט אַפ א נאָמענ.

„און דאַנ האָט דער סערזשאַנט אַראָנ מיכײַלאָוויטש ליבמאַנ, א פאַרוווּנדעטער שוינ, זיכ א וואָרפ געטאָנ האַסטיק פאָרויס, איז אַרונ-געפאַלנ מיטנ קערפער אַפ דעמ פײַנטס קוילנוואַרפער און דערמיט אינ דער אַנטשיידנדיקער מינוט געגעבנ א מעגלעכקײַט די שלאַכט-לײַט דערלויפנ און פאַרנעמענ די וויכטיקע פאָזיציע“...

דער ערשטער איז געקומענ צו-זיכ מיכאַיל יאַנאָוויטש. זײַנ בליק האָט אויסגעדריקט אַנטשלאָסנקײַט.

— מע דאַרפ ניט וויינענ. דו הערסט, באַסיע? — האָט ער געזאָגט מיט קויעכ. — אינ נײַנצנטנ יאָר, ווענ דער דעניקינצע האָט זיכ פאַרמאָסטנ אַפ איליושענ מיט דער סאַבליע, האָסטו, מוטער, פאַרשטעלט דאָס קינד מיט דײַנ קערפער, און דער מערדער האָט דיר צעהאַקט דעמ אַקסל. איצט האָט איליושינקע האָס זעלבע געטאָנ — מיט זײַנ קערפער באַשיצט די כאַווײרימ. מע דאַרפ ניט וויינענ!

— איכ ווייס... איכ קאָנ ניט — האָט זי זיכ פאַרענטפערט.

ער איז געווענ אינ גוואַלטיקער אָנשטרענגונג. ווערטער זײַנענ געשטיגנ פונ דער טיפ. ער האָט שווער געאָטעמט פונ זײַער אָנתלוס. רויטלעכע פלעקנ האָבנ זיכ באַוויזנ אַפ זײַנ בלייכנ פאָנעמ.

— אַזאַ שרעקלעכע מילכאָמע — פאַר האָס טײַערסטע אינ לעבנ, — האָט ער גערעדט. — איצט טאָר מענ ניט זײַנ שוואַכ. מע טאָר ניט!.. געוויס, דו ביסט א מאַמע. און איכ ווער בינ? נאָר אַז אונדזער זונ האָט זיכ אופגעהויבנ אַזוי הויכ, מוזנ מיר ווערט זײַנ.

דערשיטערט און פול ערפורכט פאַר דער גרויסקײַט פונ דעמ געשענעמ, האָט ער זיכ געראַנגלט מיט זײַנ פײַנ. ס'איז אימ געווענ שווער, און ער האָט גערופנ צו הילפ זײַנ אײַנציקנ פרײַנט. פרעמדע אינ דעמ אָרט, שטענדיק פאַרנומענע, האָבנ זיי געלעבט אָפגעזונדערט און שטיל. זעלטנ ווענ עמעצער האָט געעפנט זייער טיר. ליובאָמשקע האָט געקוקט אַפ ביידנ מיט געטרײַע אויגנ און ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגנ, וויאַזוי צו טרייסטנ.

מיטאַמאָל האָבנ זיכ געוויזנ מענטשנ.

דער ערשטער איז געקומענ פיאָטר סערגייעוויטש. אינדערפרי, אַרויסגייענדיק, און פאַרנאַכט, קומענדיק פונ דער אַרבעט, פלעגט מענ זיכ אָפט באַגעגענענ, אָפגעבנ „גוטמאָרגנ“ איינער דעמ אַנדערנ און פאַרגלײַכנ די זייגערס. איצט איז ער אַרײַנ.

— מיר זײַנענ שכײנימ, כאָטש ניט קיינ לאַנגע צײַט, און ווי א בירגער צו א בירגער, אַזוי צו זאָגנ... — האָט ער זיכ פאַרענטפערט. — איר זײַט עלטערנ, און דער ווייטעק פאַרשטעלט אינ א געוויסער מאָס... ס'איז אינ דער נאַטור... גראַדע פונ דער זײַט, קאָנ זיכ מאַכנ, זעט מענ קלערער... דערלויב איכ זיכ אַרויסצוזאָגנ: יועט-

ס'האָט אָפּגעגעבן זײַן לעבן אזוי, ווי אײַער זון, יענער איז געשטאָרבן נאָר אין א באַשימטן זין. דער גײַסט זײַנער, אויב מע קאָן זיך אזוי אויסדריקן... איר דאַרפט מיט אײַער זון שטאָלצירן! און מיר אַלע, אונדזער פאָטערלאַנד... בלויז דאָס האָב איך געוואָלט ארויסזאָגן. איר זײַט ניט קיין היגע און האָט דאָ קיינעם ניט, האָב איך געהאַלטן פאַר נייטיק...

עטלעכע פרויען זײַנען ארײַן איינע נאָך דער אנדערער. די ערשטע א נידעריקע, א דיקלעכע, מיט א געקנײטשט קײַלעכיק פּאָנעם. איר ארײַנפריט, איר בליק, איר קאָל האָבן געאָטעמט מיט ענערגיע און איבערצײַגונג.

— נאָר איין וואָרט, — האָט זי אָנגעהויבן באַלד, ווי זי איז אריבער די שוועל. — ווי א מוטער, וואָס האָט אויך א זון אפן פראָנט. ס'איז אוואדע פיל גרינגער אָפּגעבן דײַן אייגן לעבן איידער דאָס לעבן פון דײַן קינד. נאָר איטלעכע פון אונדז, ארויסבאַגלייטנדיק אירן, ווייסט, וווּהין ער גייט און אפּ וואָס ער גייט, און פאַרשטייט, אז מע דאַרף אזוי. מוזן מיר זיך אָנטאָן א קויעך, האַלטן פאַרייניקט מיט די קינדער. זיי שאָנעווען זיך ניט, טאָרן מיר זיך אויך ניט שאָנעווען.

די צווייטע האָט געזאָגט:

— מײַן זון איז אויך אפן פראָנט. און ווו דען זאָל ער זײַן? מיר, וואָס קומען פון דאָרטן, איך באַזונדערס, וואָס האָב געזען זייערע מערדערישע פּנעמער און מיט א נעס זיך ארויסגעראַטעוועט, איך זאָג אײַך: איר הערט? איין מינוט לעבן מיט זיי איז שרעקלעכער פונעם שרעקלעכסטן טויט.

ליובאָטשקע האָט געזאָגט:

— איך האָב א ברודער אפן פראָנט. פון אים איז שוין לאַנג ניטאָ קיין בריוו. די מאַמע און איך, מיר פרעגן אַלעמאָל באַם פּאָשטאַליאָן, צי ס'איז ניטאָ קיין בריוו. „ניין, גאָרניט ניטאָ". אויב מיט אים איז עפּעס געשען... וואָלט איך ווינטשן ס'זאָל זײַן אזוי, ווי מיט אײַער איליושען.

באַסיע יאַקאָוולעוונא האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, נאָר אַז ליובאָטשקעס רייד האָט זי זיך אָפּגערופן:

— מע דאַרף ניט, מײַן קינד. מע טאָר ניט ריידן אזוי. ס'איז מיט אים קיין בייז ניט געשען, אינגיכן קאָן אָנקומען פון אים א ידיעה. מע דאַרף שטענדיק האָפן אפּ גוטס.

זי האָט זיך אפּ א ווײַלע פאַרטראַכט, דערנאָך ווידער זיך געווענדט צו דער שילערן.

— אָט איז, ליובאָטשקע, איליושינקעס סוועטער, וואָלענע סקאַרפּעטקעס, הענטשקעס פוטערנע. גיב עס איבער אָלגע וואַסיליעוונען, זי קלײַבט ווינטערדיקע זאַכן פאַרן פראָנט... איליושינקע דאַרף שוין ניט... ער וואָלט געווען צופרידן, ווען ער ווייסט, אז זײַנע הענטשקעס וואַרעמען לעבעדיקע רויטאַרמייִשע הענט... גיי, ליובאָטשקע. איך וועל קומען שפּעטער א ביסל.

מענטשן זײַנען אַלץ צוגעקומען. אין שטוב איז געוואָרן ענג. פרויען, פאַרוואָגלטע פון זייערע היימען, האָבן זיך דערמאָנט:

— ווי גוט אונדז איז געווען, ווי שיין מיר האָבן געלעבט! אונ־זערע וווינונגען, אונדזערע פאַמיליעס, אונדזערע פרײַנט...
— איטלעכער אפ זײַן אָרט בא זײַן באַליבטער ארבעט.
— אונדזערע יאָמטויווים, די געזאַנגען און די טענץ אפ די יאָמי־טעווודיקע גאסן.
— אזא פרײַקײַט אפן הארצן, אזא ליכט אין די אויגן! און דאָס וויל ער בא אונדז אָפּנעמען, צעטרעטן, פאַרפּאַסקודען? ניט־דערהארג וועט ער עס!
— אָך, וועט ער אָנלייגן מיטן קאָפּ! אָך, וועט ער קײַען די ערד!
— אויב מיר, מאַמעס, זאָגן שוין, אז דאָס איז א הייליקע מיל־כאָמע...
— יאָ, אויב מיר אליין שיקן שוין אונדזערע קינדער אין פײַער...
עמעצער האָט אראָפּגענומען פון דער וואַנט אילױשעס פאָטאָגראַ־פיע. זי איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, פון איינעם צום אַנדערן.
ס'האָבן זיך געהערט רייד:
— ס'ארא פריילעכער ער איז דאָ!
— ס'ארא גוטער בליק!
— פול מיט לעבן.
ענדלעך איז די פאָטאָגראַפיע צוריק אָנגעקומען אפ איר אָרט. באַסיע יאקאָװלעװנע האָט געקוקט אפ איר זון.
אין דער רעגע האָט דער מוטערס הארץ קימאַט ניט געשפּירט קיין וויי, ניט געגלויבט אין טויט. עפּעס איז געשען אזוינס, וואָס האָט הויך דערהויבן איר קינד, אזוי הויך, אז ס'פאַרכאַפּט דעם אָטעם... זי האָט די אויגן ניט געקאָנט אָפּרײַסן פון עם בילד.
מיכאַיל יאַנאָװיטש האָט דערמאָנט:
— באַסינקע, די קינדער וואַרטן. האָסט צוגעזאָגט פּאָרן.
— יאָ — האָט זי געזאָגט. — איך האָב נאָך קינדער. איך געדענק.
די זײַטיקע זײַנען זיך צעגאַנגען. באַסיע יאַקאָװלעװנע האָט פאַר־פאַקעװעט א קליין טשעמאָדאַנטשיקל און, גרייט צום וועג, זיך גע־שטעלט פארן מאַן.
— בלײַבסט אליין — האָט זי געזאָגט. — דיר וועט זײַן שווערער, ווי מיר.
— קלינגן אָפּטער — האָט ער געבעטן.
אזוי האָבן זיי זיך געזעגנט — אין דעם פאַרנאַכט ניט קיין סאַך אַנדערש ווי געוויינלעך.
מיכאַיל יאַנאָװיטש האָט אָנגעטאָן די פּאַלטאָ, נאָר ווײַטער איז ער געבליבן שטיין אָן קויכעס און עטלעכע מינוט קיין באַוועגונג ניט געקאָנט מאַכן. ערשט ווען זײַן בליק האָט זיך א קער געטאָן צו דער פאָטאָגראַפיע אפ דער וואַנט, האָט א צאַרטקײַט צערונצלט זײַן פאַר־גליווערט פּאָנעם. א ווײַלע האָט ער זיך אײַנגעקוקט און דערנאָך, ווי פילנדיק זיך שולדיק פאַר די פּאָר מינוט פאַרהײַען, האָט ער הארציק־וואַרעם, ווי צו א לעבעדיקן, אפן קאָל געזאָגט:
— איך גיי, מײַן זון, איך גיי.
פאַרשלאָסן די טיר און אוועק צו זײַן אָוונט־ארבעט.

— ✡✡✡ —

# י ל

די געשיכטע האָט מיר דערציילט אנדריי פּאוולאָוויטש פּעדאָטאָוו, א בלאָנדער גרויס-קערפּערדיקער מאנצבל מיט העל-גרויע האָזעדיקע אינ פריילעכע קלוגע אויגנ, מיט א ברייטער נאָז אונ א ברייט לײַביק מויל, פול מיט אויסדריק פונ קויעכ, גוטסקײַט אונ לעבעדיקע באַ-גערנ, גיכ אפּ שמייכל אונ אפּ צאָרנ, אפּ מיטגעפיל אונ פאראכטונג. דאָס הייסט, אזא איז ער געווענ פריִער. איצט זײַנענ אימ די האָר קימאַט דורכויס גרוי, כאָטש ער דארפ אלט זײַנ א יאָר עטלעכע אונ דרײַסיק, ניט מער, אונ אינ די אויגנ האָט זיכ באוויזנ אזוינס, וואָס מע קאָנ עס מיט קיינעמ ניט טיילנ, ס'איז גאָר קיינ לאָשנ ניטאָ עס ארויסצוזאגנ. אונדזער באגעגעניש איז פאָרגעקומענ אומגעריכט, אפּ אנ אָוונט אינ איינעמ א שפּיטאָל. ווענ ער האָט זיכ צערעדט, האָט זײַנ אויסגעבליכט פּאָנעמ א שפּיל געטאָנ מיט דער אמאָליקער אויסדריקפולער באוועגלעכקײַט, וועלכע איכ האָב אזוי ליב געהאט. איכ האָב געבעטנ, ער זאָל עפּעס דערציילנ.

— מיר זײַנענ דורכגעגאנגענע בערג — האָט ער געזאָגט — אונ דו פארלאנגסט א קאָלירט שטיינדל. איכ ווייס דאָכ, וואָס דו דארפסט.

אונ אפּ עטלעכע מינוט איז ער אינגאנצנ אנשוויגנ געוואָרנ.

— גוט, איכ וועל דערציילנ — האָט ער ענדלעכ אָנגעהויבנ. — שלאכט-עפּיזאָדנ איז דאָ גענוג אינ די צײַטונגענ, איכ וועל דערציילנ וועגנ א מיידל. לייע לעוויק האָט זי געהייסנ, לי.

הארבסט 1939 יאָר האָב איכ פארבראכט עטלעכע טעג אינ איי-נעמ א שטעטל פונ מערעוו-ווײַסרוסלאנד; בינ דאָרטנ אײַנגעשטאנענ אינ א פּריוואטער יידישער שטוב. א מעשונעדיק אומעטיקע שטוב. שווער צו זאָגנ, פונוואנענ דער אומעט איז געגאנגענ — פונעמ טונ-קעלנ שפּאליר אונ דער לאנג ניט געווײַסטער סטעליע, פונ דעמ אָפּ-געניצטנ מעבל, אויסגעבליאקעוועטע גרינגבלעכ-טונקעלע פּאָרטיערנ אונ סערוועט אפנ טיש, צי פונ די אײַנוווינערס פּנעמער, נאָר אינ די צימערנ איז געווענ שטענדיק ווי פארנאכטלעכ. ס'האָט דאָרט קיינ-מאָל ניט געשמעקט מיט געקעכצ אונ געבעקס, ווי אינ אנדערע הײַ-זער, כאָטש מע האָט, פארשטייט זיכ, עפּעס געקאָכט אונ עפּעס גע-געסנ, נאָר ס'האָט אזוי ווי קיינ רייעכ ניט געהאט, ס'איז ביכלאל ניט פארשטענדלעכ געווענ, פונוואָס די מענטשנ לעבנ. זיי האָבנ זיכ מיט גאָרניט פארנומענ.

אפנ דריטנ טאָג קומ איכ איינמאָל ארײַנ פונ דער גאס אונ דערזע א נײַ פּאָנעמ, א פרוי. נאָר די שטערנ קאָנענ זײַנ אזוי שיינ. נאָר ביים איכ האָב דאָס ערשטע מאָל דערזענ דעמ יאָמ, האָב איכ גע-

האט אזא געפיל. נייז, דער יאם איז אהער קיינ פארגלייכ ניט, פארשטייט זיכ. דארט — שטענדיקע סמיכיע, אומענדלעכע ברייט, און דאָ שטייט עס אינגאנצנ פאר דיר, מענטשלעכ, צארט, רייהנדיק, ווי מוזיק, אינעמ פאָנעמ — עטוואָס קינדישס. און האָב איז אינ דער קראפט פונעמ איינדרוק, אינעמ כידעש, וואָס כאפט ארומ דיינ גאנצ וועזנ, געווענ עפּעס ענלעכס צומ יאמ. און ווי דער יאם איז אלעמאָל אנדערש און נאָכ שענער, דאכט זיכ, ווי געווענ, אזוי האָט זי אלעמאָל אָנגעקוואָלנ פונ אינווייניק מיט נייער שיינ. א געפּלעפטער, האָב איכ אויסגערופנ:

— פונוואַנענ האָט איר זיכ גענומענ, אזא וווּנדער?

ענטפערט זי:

— זאָגט מיר בעסער, וווּ טו איכ אימ אהינ, אָט דעמ וווּנדער? איכ האָב ניט פארשטאנענ, וואָס זי מיינט, גיט זי מיר צו פארשטיינ:

— ווענ איכ בינ א געוויינלעכ מיידל, וואָלט איכ עפּשער מיט זיכ אזוי פיל זאָרג ניט געהאט.

זי האָט גערעדט אָנ פארלעגנהייט און אָנ אזארט, איינגעהאלטנ, עטוואָס מיד, נאָר דאָס האָט ניט געקאָנט פארשטעלנ דעמ ערנסט און וויי פונ די ווערטער. איכ האָב זי אויסגעפרעגט און בינ געווירע געוואָרנ. זי איז אנטלאָפנ פונ די דייטשנ, געפינט זיכ דאָ בא ווייטע קרויווימ. היינט איז זי בא זיי, און וואָס וועט מאָרגנ זיינ?

— איכ וואָלט אייכ עפּשער, געהאָלפנ קריגנ ארבעט, — זאָג איכ, — נאָר מאָרגנ גאנצפרי פאָר איכ אוועק פונדאנענ.

— נעמט מיכ מיט. — בעט זי.

— וווּהינ?

— וווּהינ איר ווילט.

— וואָס איז דאָס, — פרעג איכ, — צוטרוי, לייכטזינ אָדער פארצווייפלונג?

— גאָר ניט קיינ לייכטזינ. איר הייסט כאווער, און איכ האָב קיינ ברייירע ניט.

אירע רייה, די אופריכטיקייט פונ איר ניט הויכנ, קארג אינטאָנירנדיקנ קאָל האָבנ מיכ צערודערט ניט ווייניקער, ווי איר אומגעוויינלעכ אויסזענ.

ערשט איצט האָב איכ באמערקט: בא די ווינקלענ פונ איר מויל צוויי קורצע דינע קנייטשעלעכ, צוויי שארפע מעסערלעכ, וואָס שניידנ זיכ איינ אינ הארצנ. און אויכ אינעמ שמייכל, — אזא קינדיש אומבאוווּסטזיניקנ און ליכטיקנ — א בייגעמיש פונ אומבאהאָלפנקייט, פונ האָפענונגסלאָזיקייט, — ס'איז שווער צו כאפּנ, וואָס דאָס איז, נאָר ס'האָט פארשטשימעט, ניט צו באשרייבנ. ביכלאל דאָס גאנצע וועזנ פונ דעמ מיידל לאָזט זיכ שווער באשרייבנ. איר קערפּער-שטעל — אזא באשיידענער און שטאָלצער איינציקייט. א באשיידענער דערפאר, ווייל דאָ איז קיינ זאכ ניט זייטיק ניט באהאלטנ, ניט אונטערשטרייכנ.

איכ האָב ליב פרויענ און האָב צו זיי מאזל. נאָר דאָ איז געווענ עפּעס אנדערש. אזא, ווי די, דארפ מענ באזעצנ אינ א מירמל-פּאלעץ, אָפּגעבנ איר דאָס לעבנ. זי איז עס ווערט. מיר זיינענ אָבער

מענטשנ מיט ניכטערע קעפּ, מענטשנ פונ פליכט פריער פאר אלצ. פריער פאר אלצ. די צײַט פאָדערט עס, קאָנסט דאָ גאָרניט איבער־מאכנ. איכ גיי אינ גאס, — כע רויעשט אינ מיר, ווי א וואלד אינ א ווינט, — אונ איכ טײַנע צו זיכ: „אנדריי, האָכט א ווײַב מיט קינ־דער, זיי האָבנ דיר קיינ שלעכטס ניט געטאָנ"... אונ טאָמער איז קארג איינ שטריק, בינד איכ זיכ מיט נאָכ א שטריק. „אנהריי, טו א טראכט, פונוואנענ דאָס עפּעלע האָט זיכ פארקײַקלט — פונ יענער זײַט, פונ אנ אומבאקאנט ביימעלע, פונ א פרעמדער ערד"...

דעמ זעלבנ טאָג שפּעטער מיט עטלעכע שאָ האָב איכ זי ווידער נעטראָפנ אינ שטוב.

— ווער זײַט איר? — פארלאנג איכ פונ איר. — איכ ווייס דאָכ וועגנ אײַכ גאָרניט. דערציילט. פונ אָנהייב ביזנ סאָפ.

אונ זי האָט דערציילט, פּראָסט אונ טרויעריק, ווי מע טוט זיכ אויס פאר א דאָקטער.

זי האָט געשטאָפּט פּאַפּיראָסנ אפּ פּריוואטע באשטעלונגענ. דער־פונ געלעבט. די עלטערנ, פונ פאראָרעמטנ באלעבאטישנ שטאנד, האָבנ געהאָפּט: אזא טאָכטער וועט מענ אויסכאפּנ, מע וועט זי גליקלעכ מאכנ, זי וועט גיינ אינ גאָלד, אונ בא איר וועלנ זיי אויכ האָבנ א רויִקע עלטער. „ווי איר זעט, — שמייכלט זי, — האָט מיכ קיינער ניט אויסגעכאפּט. איינקע פונ מײַנע כאווערטעס, געוויינלעכע מיידלעכ, זײַ־נענ דאפּקע יאָ געקומענ צו א טאכלעס — האָבנ קינדער, ווייסנ אלנ־פאלס, צוליב וואָס זיי מוטשענ זיכ. איכ האָב אלצ געוואַרט. אפּ וועמענ? אפּ א פּרינצ, א מיליאָנער? אפּ א באריממנ קינסטלער, א גרויסנ מענטשנ, א גלענצנדיקנ גאסט פונ ערגעצ, וואָס וועט צופעליק פארבלאָנדזשענ צו אונדז, מיכ דערזענ אונ אוועקפירנ אינ זײַנ שײַנענ־דיקער וועלט? מײַנ עלנטע שיינקײַט! — זאָגט זי, — איכ האָב פונ איר געהאט אזוי ווייניק נאכעס, נאָר מיר האָט אלצ געדוכט, איכ בינ איר שולדיק א כויוו, כ'בינ מעכויעוו איר פארשאפנ דאָס טעלערל פונ הימל"... ס'זײַנענ, פארשטייט זיכ, געוועננ אזוינע, וואָס האָבנ זי ליב געהאט, אונ גאָרניט ווייניק, אפילע א ביסל צופיל, ווי זי מיינט. „אונד־זערע אָרעמע שטעטלשע יונגלעכ, — דערמאָנט זי זיכ, — זייערע ריינע, איידעלע הערצער, זייער קלוימערשט אומגעריכט אנטקעגנ קומענ אפּ די גאסנ, ווו איכ בינ געגאנגענ, זייער באריידעוודיק שווײַגנ, זייערע שטאמלענדיקע רייד, די בריוועלעכ, וואָס זיי פלעגנ מיר ארײַנלייגנ אינ האנט, איכ זאָל זיי לייענענ שפּעטער. איינער האָט זיכ אפילע גע־סאמט. נאָר וואָס פאר א פּאָר זײַנענ מיר געוועננ, צוויי קאליקעס, וואָס ווייכנ ביידע ניט, ווו זיכ אהינטאָנ? איינער איז געוועננ גאָר א סאָלי־דער מאנצבל, א דאָקטער אינ די מיטעלע יאָרנ מיט גוטער פּראקטיק, מיט געזעלשאפטלעכנ אָנזענ, מיט אינטערעס צו קונסט, — ערנסט, עלעגאנט. זײַנ ליבע איז געוועננ סאָליד, ווי ער אליינ. זי האָט אויסגע־האלטנ די פּרווו פונ זיבנ יאָר, זיכ ניט געלאָשנ, ניט געמינערט. ער האָט מיר געשענקט בלומענ אונ שאָקאָלאד אונ פארשיידענע פײַנע קלייניקײַטנ, ער האָט מיר פאָרגעלייגט געלט, נאָר ער האָט דאָכ ניט געקאָנט אוועקוואַרפנ א ווײַב מיט קינדער, ער איז דאָכ געוועננ א לײַ־טישער מענטש אונ האָט זיכ געפירט, ווי א לײַטישער מענטש.

— אָפּט האָב איכ צו זיכ אליינ גערעדט, — דערציילט זי: „וואָס וועט זײַנ פונ דיר? ס'איז אריבער די צײַט, ווענ מע האָט צוליב אזעלכע פרויענ כאָרעוו געמאכט שטעט אונ אופגעבויט שטעט. דו וועסט פארקויפנ הערינג אינ א קלייט, אויב אלצ וועט גיינ געוויינלעכ, אָדער אָנקומענ פאר א קעפּסווײַב צו א גאלאנטעריי-פאבריקאנט, אויב ס'וועט דיר צושפּילנ דאָס מאזל"...

אויסגעלאָזט האָט זיכ אנדערש. דאָס מאָטאָמעכאניזירטע אומגליק איז אָנגעפלויגנ, דאָס הויז פארברענט, טאטע-מאמע דערהארגעט, — ערגעצ באמ וועג אינ א קאנאווע וואלגערנ זיכ זייערע ביינער. זעקס טעג איז זי געלאָפנ, זיכ קוימ דערשלאָגנ אהער. קיינ דרײַ טעג זיינענ ניט אריבער, האָט עס זיי ווידער אָנגעיאָגט. ווײַטער לויפנ איז קיינ קויעכ ניט געווענ אונ קיינ צײַט ניט געווענ. דאָ האָט זי דערפילט, אז איר שיינקייט איז ניט נאָר עלנט אונ אומבאהאָלפנ, זי איז איר קלאָלע. ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ: „ווו באהאלט מענ דיכ, ווו טוט מענ דיכ אהינ? סע פעלט נאָר, די מעכאבלימ זאָלנ דיכ דערזענ". מע האָט זי אָנגעטאָנ אינ שמאטעס, אויסגעשמירט דאָס פּאָנעמ אינ סאזשע, אינ בלאָטע, נאָר סע העלפט ניט. „וואָס האָסטו צו אונדז, — טענהנ די קרוווימ, — פונוואנענ האָסטו זיכ גענומענ אפ אונדזער קאפּ? מע זאָל עס גאָרניט קאָנענ פארשטעלנ, פארליאפּנ מיט עפּעס, וואָס מער דו שמירסט עס אויס, אלצ מער האָט עס כיינ, שײַנט פונ דער בלאָטע, וויי צו אונדז. פארוואָס האָסטו קליינווײַז ניט געפּאָקט, ווי אנדערע קינדער, ניט איבערקערט אפ זיכ א קאָכעדיקנ סאמאָוואר?"... א וואָכ צײַט האָט מענ זי אזוי אויסבאהאלטנ, געלעבט אינ ציטערניש, ביז די רויטע ארמיי איז ארײַנ. „זאָגט, — פרעגט לי בא מיר, — וועט איר שוינ דאָ כאָטש בלײַבנ אפ שטענדיק, ניט אוועקגיינ?"

איכ בינ אוועקגעפאָרנ, אונ מער איז מיר אינ דעמ שטעטל ניט אויסגעקומענ צו זײַנ. לי, האָט זי געזאָגט, זאָל איכ זי רופנ. איכ האָב אפילע איר נאָמענ, ווי סע דארפ צו זײַנ, ניט געוווּסט.

אינ פאָריקנ הארבסט האָב איכ לויט דער שליכעס פונ דער ארמייִשער צײַטונג, וווּהינ איכ בינ קורצ פאר דעמ באשטימט געווענ, באזוכט דעמ שטאב פונ איינער א דיוויזיע. אפ דער דאָרפישער גאס האָב איכ דורכנ אוטאָמאָביל-פענצטער פארבײַפאָרנדיק זי דערזענ. דאָס פּאָנעמ איז איר געווענ פארבאנדאזשירט. איכ האָב זי דערקענט לויטנ אייגנארטיקנ אומפארגעסלעכנ קערפּער-שטעל, אזא באשיידענעמ אונ מאיעסטעטישנ איינצײַטיק. שפּעטער מיט א האלבער שאָ האָט זיכ געעפנט די טיר, אונ זי איז ארײַנ.

איינ אויג נאָר איז געווענ אָפּגעדעקט, א היפּש אויג פול מיט שטראַלנדיק-ריינעמ שווארצנ פײַער. איבער דעמ — א ווינקל שטערנ, מאטעווע ווײַס מיט א פײַנער טונקל-ברוינער ברעמ, אונ אונטער דעמ — א פּאסיקל באק; אלצ איניינעמ — א שפּליטער פונ יענער זעלטענער שיינקייט, וואָס איכ האָב נאָכ קיינ גלײַכנ צו איר ניט געטראָפנ.

— וואָס איז דאָס? — פרעג איכ, אָנווײַזנדיק אפנ בינט.

— ווענ דעמ אנ אנדערס מאָל... איר בלײַבט דאָ בא אונדז?

ס'האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז זי ארבעט אינ איינעמ פונ די ספּעציעלע טיילנ, וואָס באדינענ דעמ שטאב.

שפּעט אינאָוונט בינ איכ ארײַנ צו לי. איר באלעבאָסטע, א פרײַנטלעכע עלטערע פויערטע, האָט מיר צוגעגרייט היימישע עסנ. נאָכנ עסנ זײַנענ מיר געזעסנ איינער קעגנ אנדערנ אונ געדרייכערט. הינטער די ווענט האָט געוואָיעט דער הארבסטיקער ווינט. ס'האָבנ זיכ דערטראָגנ קלעפּ פונ ניט אָפּטער ארטילעריישער שיסערײַ. איכ האָב געבעטנ, לי זאָל דערציילנ, וויאזוי זי איז אָנגעקומענ אהער, אלצ, וואָס מיט איר איז פארלאָפנ, זינט מיר האָבנ זיכ צומ ערשטנ מאָל באגעגנט. א צײַט האָט זי געשוויגנ, דערנאָכ דערציילט.

אינגיכנ נאָכ מײַנ אוועקפאָר האָט זי געקראָגנ ארבעט אינ א נײַ־ווארשטאט, וואָס האָט זיכ אינ שטעטל געעפנט, באקומענ א סאָוועטישנ פּאספּאָרט, זיכ באטייליקט אינ די וואלנ. מע האָט איר געטרויט, דאָס האָט געגעבנ מוט. זי האָט שוינ געגלייבט, אז זי טרעט ווירקלעכ ארײַנ אינ א נײַ לעבנ, דערווײַל ניט קיינ גאָר באקוועמ אונ גרינג לעבנ, דערפאר מיט א פרישער לופט, מיט א לויטערנ הימל איבערנ קאָפּ. זי האָט, פארשטייט זיכ, געוווּסט, אז סע גייט א צײַט פונ גרויסע שלאכטנ אונ ערדציטערנישנ, ניט פונ רו, דאָכ ניט געטראכט, אז ס'וועט אָנפליִענ אזוי האסטיק, ס'האָט זיכ ניט געגלוסט אזוי טראכטנ.

א שטעטל ניט ווײַט פונ דער גרענעצ. גלײַכ אינ דעמ ערשטנ טאָג האָבנ די באנדיטנ פונ דעמ געמאכט א בארג אש. די אײַנוווינער זײַנענ געלאָפנ צווישנ אויפרײַסנ פונ באָמבעס, אונטער א האָגל פונ בלײַ. דער אווטאָטראנספּאָרט, וואָס איז געווענ גענוג אָנגעלאָדנ לויט זײַנע אייגנטלעכע אויפגאבנ, האָט געהאָלפנ די אנטלאָפענע, וויפל ס'איז מעגלעכ געווענ, פריער פאר אלצ פרויענ מיט קליינע קינדער, אלטע אונ שלאפע, אונ ווײַטער, נאטירלעכ, די פלינקערע, די, וואָס קאָנענ מאכנ א נעבעכ־פּאָנעמ, צושטיינ אונ זיכ ניט אָפּטשעפּענ. לי איז ניט פונ די, וואָס קאָנענ געשיקט אויסניצנ א געלעגנהײַט, אונטערכאפּנ א שאנס. זי איז געגאנגענ, געשלאָגנ די פיס. איכ מאָל זיכ זי אויס: פארשטויבט, פארמאטערט, נאָר מיט דער ווירדע, מיט דעמ נאטירלעכנ צייבער, וואָס לאָזט זיכ פונ איר ניט אָפּנעמענ, ווי די פרישקײַט — פונעמ פרילינג־געוויקס. זי האָט ניט פרעטענדירט אפ קיינ אנדער גורל, ווי די אלע, מיט וועלכע זי האָט אינאיינעמ געוואָלגט, זיכ ניט באקלאָגט. ביכלאל זייער ווייניק גערעדט, נאָר מענטשנ ארומ איר, צעבראָכענע, פארמוטשעטע, האָבנ זיכ ניט געקאָנט בארויקנ, אלעמאָל פונדאָסנײַ אָנגעהויבנ: „מיט איר וואָס טוט מענ? ווענ די מערדער לויפנ כאָליִלע אָנ אונ דערזעענ זי. אזא ליכטיקע זונ, ווו באהאלט מענ זי?“

אונ אָט האָבנ די אומגליקלעכע איינמאָל אָפּגעשטעלט א שטארק איבערגעלאָדענע מאשינ, פּראָסט פארשטעלט איר דעמ וועג, ניט געלאָזט פאָרנ ווײַטער, ארויסגעשטופּט לי־פאָרויס אונ געמאָלדנ: איר האָט ניט קיינ אָרט, מיר זעענ, נאָר אָט די מוזט איר נעמענ“. אונ דער שאָפער אונ נאָכ איינער, מיסטאמע, דער עלטסטער איבער דער מאשינ, וואָס האָבנ לעכאטכילע ניט געוואָלט הערנ קיינ שומ באקאָשעס, זײַנענ, דערזעענדיק דעמ פאסאזשיר, באלד שטיל געוואָרנ אונ שטרענג, קימאט פײַערלעכ, ווי לי דערציילט, זיכ אָפּגערופנ: „יאָ, אָט די טאָר מענ דאָ ניט איבערלאָזנ. מע מוז זי נעמענ“.

נאָכ עטלעכע שאָ רײַזע האָבנ זײ זי אראָפּגעזעצט אינ עפּעס א שטעטל. די לאַגע אפּ אָט דער ריכטונג איז געווענ אזא, אז מע וואָלט זיכ געדארפט גלײַכ רוקנ ווײַטער, נאָר דאָס מײדל איז געווענ שטארק אויסגעמאטערט, אונ גוטע מענטשנ האָבנ איר געגעבנ וואסער צומ אײַנוואשנ זיכ אונ היימיש געקעכצ צו אונטערשפּארנ דאָס הארצ אונ א זויבער געלעגער אפּ באנאכט, ביכלאל אופגענומענ זי, ווי א שוועסטער. זי האָט זיכ געלאָזט פארהאלטנ אפּ עטלעכע טעג. זי האָט זיכ געקליבנ ארויספּאָרנ צוזאמענ מיט די נײַ־דערוואָרבענע פרײַנט אונ פארשפּעטיקט אינײנעמ מיט זײ. פונ שטעטל איז איר געלונגענ אנטלױפנ אינ וואלד, נאָר ווײַטער זײַנענ געווענ אָפּגעשניטנ אלע וועגנ.

די ווײַסרוסישע וועלדער זײַנענ ברייט אונ ווילד. ווי פרעכ די דײַטשנ האָבנ זיכ ניט געריסנ פאָרויס, האָבנ זײ דאָכ מיט גרויסער פאָרזיכט ארײַנגעדרונגענ אינ די טיפעניש, ווו פארטיזאנישע אָטריאדנ האָבנ שוינ צו יענער צײַט זיכ געזאמלט אינ די צענדליקער. דעמ טאָג האָבנ די אנטלאָפענע איבערגעווארט אינ א זומפּיקנ העק. ווענ ס'איז פינצטער געוואָרנ, האָט מענ זיכ געלאָזט גײנ. עמעצער האָט מיסטאמע געפירט. מע איז געגאנגענ אײנער נאָכ דעמ אנדערנ. איטלעכער האָט קוימ געזענ דעמ, וואָס פאר אימ. אפּ די, וואָס זײַנענ אָפּגעשטאנענ, האָט מענ ניט געווארט. טאָמער האָט ווער גערופנ, איז דער רופ געבליבנ אָנ ענטפער. לי האָט צעקלאפּט א פוס אָנ א פּניאָק. ביז זי איז צו־זיכ געקומענ, איז שוינ קײנער לעבנ איר ניט געווענ. זי האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אָניאָגנ אונ, אפּאָנעמ, אראָפּ פונ דער סטעזשקע. קײנ מענטש, גאָר אלעמאָל א שאָרכ, א שורשע, א טופּ פונ דער, פונ יענער זײַט. שאָטנס פאר די אויגנ. זי שטרעקט די הענט אונ כאפּט אָנ לופט, שטויסט זיכ אָנ אינ א שטאמ. אונ ס'ווערט אלצ פינצטערער, געדיכטער... בלאָנדזענ באנאכט אינ א וואלד איז פאר א געוויינטנ אונ געניטנ ניט קײנ גרינגע אופגאבע, ביפראט פאר א פרוי, א שטאָטישער, צומ ערשטנ מאָל אינ לעבנ. אײנס איז געווענ קלאָר — ווײַטער גײנ האָט קײנ זינ ניט. אונ די פיס האָבנ ווײ געטאָנ. זי האָט אָנגעטאפּט א פּניאָק אונ זיכ צוגעזעצט. א ווארעמער אָוונט. קאלט אונ שטיל, קײנ שאָס, קײנ רויש פונ א מאָטאָר. א בלאט פאלט אראָפּ, הערט מענ זײַנ באוועגונג. לי דערציילט:

„איכ האָב דערפילט — פארנ וואלד איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבנ. פארקערט, די ביימער פארשטעלנ מיכ, די פינצטערניש איז מײַנ שוצ. איכ נעמ ארויס פונ קעשענע א רעשטל ברויט, עס שמעקט קרעפּטיק אונ ערלעכ, ווי די פרײַנטשאפט פונ די מענטשנ, וואָס האָבנ מיר דאָס ברויט געשענקט. איכ קײַ עס אונ טראכט: „עטלעכע שאָ האָב איכ רו, נאָר אינדערפרי וואָס וועט זײַנ?“ איכ דרעמל זיצנדיק. אָנגעטאָנ בינ איכ אינ א לײַכט זומער־מאנטעלע. טיפער אינ דער נאכט האָט א ציטער דורכגענומענ דאָס לײַב. איכ שטעל זיכ, טוליע זיכ צו צו א ברייטער סאָסנע, דריק זיכ צו איר שטארק, שטארק, אמאָל מיט אײנ זײַט, אמאָל מיט דער אנדער זײַט, מיטנ רוקנ אונ ווארעמ זיכ אזוי ארומ. די וואָלקנס, וואָס האָבנ פארצויגנ דעמ הימל, צעגײענ. א שטערנ באווײַזט זיכ צווישנ די שפּיצנ, איז

ער שווינ בלאס. סע שאריעט. אָט ווערט ליכטיק, וואָס וועט דענסטמאָל זײַנ?..

און אָט איז ליכטיקער געוואָרנ, און פונ צווישנ די ביימער האָט זיכ געיאווּעט א מענטש. א הויכער, א ביסל א סוטולעוואַטער, אראָפּגעהאנגענע שטרויענע וואָנצעס. גאָר ניט קײַנ פרײַנטלעכער. אײַנגאנצנ באהאנגענ מיט געווער. אינ מויל א ליולקע, שטייט, רייכערט, קוקט און זאָגט גאָרניט.

— וואָס שווײַגט איר? — טוט ער פּלוצעמ א פרעג.

— איכ װייס ניט, ווער איר זײַט.

— דאָס ד׳אַרפט איר ניט וויסנ. גענוג, אז איכ ווייס, ווער איר זײַט.

— פונוואַנענ?

דערויפ איז קיינ ענטפער ניט געווענ.

— קומט! — האָט ער באפוילנ.

ער האָט זי געפירט לאנג, געבראכט צו א נידעריקער זעמליאנקע, קוים אָנצוזענ זי צווישנ די ביימער. קיינ שום טיר. אנ אראָפּגאנג — עטלעכע ערדענע טרעפּלעכ. אינווייניק — א טישל — פיר ברעטלעכ אפ פיר פּלעקער, א בענקל, אײַנגעאָרדנט אפ דעמ זעלבנ אויפנ, א געלעגער פונ יעלאָווע צווײַגנ.

— אָט דאָ זיצט, ביז מע וועט אײַכ זאָגנ, — האָט ער אויסגעוואָרטשעט און איז אוועק.

אנ אָפּענע לאָכ, אָנשטאָט א טיר, א שווײַגנדיקער וואלד, נאָר ס׳האָט א שמעק געטאָנ מיט מענטש. מע קאָנ זיכ צושפּארנ שלאָפנ, האָט לי באשלאָסנ. ווענ זי האָט געעפנט די אויגנ, איז אפנ טישל געווענ ברויט אפ א ריינעמ האנטעכ און מילכ אינ א פלאש, און קיינ לעבעדיקער נעפעש ניט אינווייניק, ניט אינדרויסנ, וועמענ מע זאָל קאָנענ זאָגנ א דאנק. זי האָט מיט פארגעניגנ געגעסנ דאָס ברויט און געזופּט די מילכ. ס׳איז געווענ א זייגער אכט אינדערפרי. שאָענ האָבנ זיכ געצויגנ, א לאנגער הייסער זומערדיקער טאָג, און קיינער האָט זיכ ניט געוויזנ. פאר אומעט האָט זי זיכ ווידער צוגעלייגט און ניט אופגעהערט צו טראכטנ: „וואָס באטײַט עס? וואָס וועט עס זײַנ?..“ דאָ האָבנ זיכ דערהערט טריט.

ס׳זײַנענ ארײַנ צווייענ — דער אינדערפריִקער און נאָכ איינער מיט אימ, יינגער אינ יאָרנ, נאָר, קענטיק, עלטער אינ מאכט, אָנגעטאָנ כאקי, א שטרענג, רויק פּאָנעמ, א הויכער שטערנ. דאָס היטל האָט ער ארײַנקומענדיק אראָפּגענימענ און אנידערגעלייגט אפ דער באנק. א ווײַלע האָבנ זיי ביידע זי אָנגעקוקט שווײַגנדיק.

„כאָטש איכ האָב, — דערציילט לי, — שוינ געזעענ און פארשטאנענ, מיט וועמענ איכ האָב צו טאָנ, האָט דאָס הארצ פונדעסטוועגנ שטארק געקלאפּט.

— פארוואָס רעדט איר מיט מיר ניט? — האָב איכ ענדלעכ ניט אויסגעהאלטנ.

— מיר קלערנ, וואָס טוט מענ מיט אײַכ — רופט זיכ אָפּ דער נײַער. — מיר קאָנענ אײַכ ארויספירנ אפּ א סטעזשקע אונ ווײַזנ: אָט אהינ גייט. אונ ווײַטער וואָס וועט זײַנ?

— דאָס שרעקלעכסטע, — זאָג איכ, — איז ניט דער טויט.

— דאָס איז ריכטיק. — באַשטעטיקט ער.

איכ נעמ זיכ אָנ מיט מוט אונ בעט:

— לאָזט מיכ איבער בײַ אײַכ!

— ניינ, — זאָגט ער. — בײַ אונדז קאָנט איר ניט בלײַבנ. צוליב אנדערע סיבעס, זײַט איר צו שיינ.

— כ'איז דענ אזא כיסאָרנ?

— ניט קיינ כיסאָרנ, נאָר א סאַקאָנע. אָט פאַרטונקלט מענ דאָכ די שײַנ. ווי לאַנג זײַט איר געווענ בײַ אונדז אינ שטאָט — עטלעכע טעג, אונ כעוורע קענענ אײַכ שוינ. איר וואַרפט זיכ אינ די אויגנ.

— וואָס זשע טוט מענ?

— זײַט רויק — זאָגט ער. — מיר וועלנ ניט דערלאָזנ, אזא, ווי איר, זאָל ארײַנפאַלנ צו די באַנדיטנ אינ די הענט.

„סאָפּ טאָג, — דערציילט לי ווײַטער, — איז מענ געקומענ נאָכ מיר. א באַיאָרטער קאָלווירטניק, א ווײַסרוס, מיט טיפע קנייטשנ אײַנ אָפּגעברענטנ פּאָנעמ. א גאַנצע נאַכט האָט ער מיכ געפירט, ניט אויסריידנדיק קיינ וואָרט. וואַלד אונ וואַלד, אונ מיר אינצווייענ. צײַטנ־ווײַז טויבע אָפּקלאַנגענ פונ א ווײַטער שיסערײַ. איכ בינ געגאַנגענ לעבנ אימ, ווי קינדווײַז לעמ טאַטנ, אינ דער פינצטער זיכ אָנגעהאַלטנ אָנ זײַנ אַרבל, אונ צומ ערשטנ מאָל אינ לעבנ האָב איכ געפילט, אז מײַנ שיינקײַט איז עפּעס ווערט, מע דאַרפ זי, מע היט זי אָפּ, זי איז עמעצנ טײַער.“

נאָר ס'האָט איר ניט געגליקט. די פראָנט־ליניע האָט זיכ אינ די טעג אָפּט איבערגערוקט. די היטלעראָווצעס האָבנ זיכ דורכגעריסנ אונ פאַרכאַפּט דעמ יישעוו, וווּ לי האָט גענעכטיקט. פאַרכאַפּט ניט אפּ לאַנג, נאָר זייערס האָבנ זיי אָפּגעטאָנ.

לי האָט מענ, ווי א באַזונדערס פאַרדעכטיקע פערזאָנ, — דאָס פּאָנעמ איז אנ איידעס — אָפּגעפירט צומ נאַטשאַלניק פונ דער געהעריקער אָפּטיילונג. קוקנדיק אפּ איר, האָט ער געשמייכלט. נאָר דער טויט, זאָגט לי, פאַרמאָגט אינ אונדזער פאָרשטעלונג אזא פאָדלענ אונ שרעקלעכנ שמייכל. זײַנ פאָדערונג איז געווענ קורצ אונ ניט צוויידײַטיק. „זי זאָל דערציילנ, מיטוואָס פאַר אנ אויפגאַבנ זי איז געשיקט אונ ספּעציעל איבערגעלאָזט גראָד אפּ אָט דעמ אָרט. קיינ שומ דערקלערונגענ זײַנענ ניט דערלאָזט. דאָס פּאָנעמ רעדט מער, ווי די פרימיטיווע ליגנס, מיט וועלכע זי מיינט זיכ אויסצודרייענ, אונ ווי די פאַלשע דאָקומענטנ, מיט וועלכע זי האָט זיכ באַוואָרנט. ניט אינגאַנצנ קלאָר איז בלויז, צוליב וואָס זי פאַרשטעלט זיכ פאַר א יידישקע. כאָטש אינ אירע שטריכנ איז דאָ עטוואָס פונ אָריענט, דאָכ ניט פונ סעמיטישנ טיפּ. וואָס געהער ראַסע אונ טיפּ, וועט אימ שוינ קיינער ניט פאַרפירנ. אזוי צי אנדערש, זאָל זי וויסנ: א דײַטשישער

אָפיצער פארמאָגט גוסט פאר א שיינער פרוי, אונ די אופמערקזאמ-
קייט, וואָס איר קומט, ווי א פרוי, וועט איר געשענקט ווערנ, נאָר
פריער פאר אלצ מוז זי געבנ די יעדיעס, וואָס מע פארלאנגט פונ
איר, אונ מע וועט זיי בא איר ארויסקריגנ סיי ווי סיי, מיט די צי מיט
אנדערע מיטלענ...״ וואָס האָט זי דערויפ געקאָנט ענטפערנ? זי האָט
געשוויגנ. דאָ איז ער אופגעשטאנענ, פונעמ אופגעמאכטנ פּאָרטסי-
גאר, וואָס איז געלעגנ אפנ טיש, גענומענ א פאפיראָס, פארייכערט
אונ דאָס פייער דערנאָכ צוגעטראָגנ דער געפאנגענער האַרט צומ
אויג. „ס'ארא ווייב, — האָט ער געזאָגט, — איבערגעוויינלעכ!״ אונ
מיט איינ באוועגונג אָפגעסמאליעט איר די הערעלעכ ביז צומ לייב.

— וועלנ מיר ענדלעכ עפנענ דאָס רויזנ-מיילכעלע, ווי? — האָט ער
א פרעג געטאָנ.

דאָס איז געווענ דער אָנהייב. דער גאנג איז דעמ טאליענ געפעלנ
געוואָרנ. ניט אופהערנדיק קוקנ דעמ קאָרבנ אינ פאָנעמ ארייננ אונ
שמייכלענ מיט זיינ פאָדלענ שמייכל, האָט ער פונ ערגעצ באקומענ
א שטיקל דראָט, דעמ עק, וואָס צו דער האנט, ארומגעוויקלט מיט
פאפיר, דעמ צווייטנ אָנגעגליט איבער דער לאָמפ אונ גענומענ אר-
בעטנ דערמיט, פונ מאָל צו מאָל אויסרופנדיק: „ס'ארא אָוואל! „ס'א-
רא קינ! וונדערבאר! קאָלאָסאל!״ אז דאָס דרעטל איז אָפגעקילט גע-
וואָרנ, האָט ער עס ווידער אָנגעווארעמט. אז די געפייניקטע איז פונ
די פיס געפאלנ, האָבנ באהעלפער זי אונטערגעכאפט אונ געהאלטנ, ווי
ס'איז נייטיק געווענ פאר דעמ טאליענס באקוועמלעכקייט.

„איכ האָב שטענדיק פארמאָגט אזוי ווייניק מוט, דערציילט לי,
אונ דאָ — פונוואנענ האָבנ זיכ גענומענ צו מיר קויכעס? מע האָט
מיכ געבראָכט. פונעמ אָנגעצונדענעמ פאָנעמ האָט געזעצט א פייער
אזוי הויכ, אז איכ האָב עס געזענ. א רויטער אָפשיינ איז מיר גע-
שטאנענ פאר די אויגנ. דער מארכ האָט געברענט. ס'האָט געטשא-
דעט מיט געסארפעט פלייש, אונ איכ בינ געשטאנענ, ווי א שטיינ,
געשוויגנ אונ זיכ געזאָגט: „גוט, גוט אזוי. נאָכ! נאָכ! פארטיק מיט
איינ זייט פאָנעמ, פארגעסט ניט אינ דער צווייטער. רייסט מיט איי-
זערנע קאמענ מיינ לייב, לאָזט ניט איבער קיינ איינ גאנצ אָרט. זאָל
שווינדנ פונ מיינ אויסזענ! אויב מיינ שיינקייט איז געווענ אזוי
אומבאהאָלפנ, וועט עפשער די העסלעכקייט מיר בייששטיינ, עפשער
וועט זי היינט זיינ מיינ שוצ...״

„אונ דאָ, — דערציילט זי ווייטער, — איז געשענ אזוינס, וואָס איכ
האָב ניט באלד פארשטאנענ. דאָס שטיבל מיט אלצ אונ אלעמענ,
וואָס אינ דעמ, איז אונטערגעשפרונגענ אונ צעפלויגנ געוואָרנ. א דו-
נערנדיקע כמארע פונ בראָכוואַרג אונ שטויב האָט מיכ אָנגעדעקט.
אינ דער פינצטער, שוינ אפ דער גרענעצ פונ אומבאוווסטזיינ האָט
א געדאנק, ווי א פראָזשעקטאָר-שטראל, אפ א רעגע מיכ דורכגע-
לויכטנ: „ס'איז די אויסלייזונג, די שטראָפ... אלציינס צי איכ וועל
נאָכ אופשטיינ פונ דעמ אָרט צי ניינ״... ווי איר זעט, — זאָגט זי, —
בינ איכ געבליבנ לעבנ. אונדזערע זיינענ געקומענ אונ האָבנ מיכ
אָפגעראטעוועט.

לי איז אנשוויגנ געוואָרנ. א שפעט־נאכטיקע שטילקייט איז געשטאנענ איבערנ ישעוו, נאָר דער ווינט האָט ווי פריער געוואָיעט הינטער דער וואנט, אונ פונ מאָל צו מאָל האָט זיכ דערטראָגנ א רויש פונ א דורכיאָגנדיקער מאשינ. איכ האָב געקוקט אפ לי. דאָס אָפענע אויג האָט געשייַנט, רייַנ, ווי א שטערנ, אונ די פארקייַלעכונג צו דער באק נידעריקער איז געווענ, ווי א שורע פונ א טייַערער ליד. אינ די שאָענ האָב איכ פארגעסנ, ווו איכ בינ, וויפל איכ בינ אלט, איכ האָב גערעדט, אונ אלע הארציקסטע ווערטער האָבנ מיר אויסגעוויזנ אָרעמ אונ קלייַנ. דאָס איז געווענ ליבע אונ ווייַ אונ א ווילנ צו טרייסטנ אונ באלוינענ פאר אלצ, וואָס זי האָט איבערגעטראָגנ, אָפגעבנ איר כאָטש עפעס פונ דעמ, וואָס איר קומט, פונ דעמ לויב אונ דאנק, וואָס זי רופט ארויס שוינ מיט דעמ אלייַנ, וואָס זי איז דאָ אפ דער ערד. איכ האָב געקושט אירע הענט. רייַסנדיק אלע בונדנ, האָב איכ גערעדט וועגנ דעמ, אז מיר מוזנ געהערנ איינער דעמ אנדערנ. פונ הייַנט אָנ אונ אפ אייביק.

איכ געדענק ניט, וואָס איכ האָב דענסטמאָל נאָכ גערעדט. לי האָט געהערט שווייַגנדיק, ניט אָפגענומענ די הענט, נאָר ניט אָפגערופנ זיכ מיט קיינ וואָרט. דערנאָכ האָט זי זיכ אופגעהויבנ אונ שטיל געזאָגט:

— קערט זיכ אָפ אפ א מינוטקעלע.

איכ האָב עס געטאָנ. ווענ איכ האָב זי ווידער דערזענ, בינ איכ פארציטערט געוואָרנ. פאר מיר איז געשטאנענ אנ אומבאקאנט שרעקלעכ פאָנעמ, פונויבנ ביז אראָפ דערפאָרמירט אונ צעקאטעוועט. די ליפנ — געדראָלנ, אויסגעדרייט, בלוי. אָנשטאָט דעמ לינקנ אויג — בלינד פלייש. א וווּנד. אלצ אינייַנעמ — אנ אומענטשלעכע גרימאסע, וואָס מאכט גליווערנ דאָס בלוט אינ די אָדערנ. אונ לעבנ דעמ, אומזיכער צוגעטוליעט — א צארטער איבערבלייַב פונ דעמ, וואָס איז געווענ, א בליק, אנ אָנהייב שמייכל, אנ אָפבילד פונ יענער, דער אמאָליקער... מיר האָט זיכ געוואָלט שרייַענ. מיר האָט זיכ געוואָלט רעווענ פאר ווייטעק אונ צאָרנ, נאָר גלייַכצייַטיק בינ איכ געווענ, ווי געליימט, ניט געפונענ קיינ ווערטער, קיינ באוועגונג.

— מע דארפ ניט — האָב איכ אומגעריכט פאר זיכ אלייַנ אויסגערעדט — איכ קאָנ ניט מער. גענוג.

— אָט זעט איר, — האָט זי טרויעריק געזאָגט. — מיכ קאָנ מענ שוינ ניט ליב האָבנ.

— האס... — האָב איכ געזאָגט. — טאָפטשענ זיי, שטיקער פונ זיי שנייַדנ.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט. — האס. דאָס איז פונ הייַנט אָנ מייַנ ברויט אונ מייַנ זאלצ, מייַנ מאנ אונ מייַנ קינד...

דאָס איז אייגנטלעכ גאָר. מיר האָבנ זיכ געזעגנט. באנאכט בינ איכ אוועקגעפאָרנ. מיר האָבנ זיכ מער ניט געזענ.

— אונדזערע צוויי אומשולדיקע באגעגענישנ, — האָט אנדריי געזאָגט נאָכ א שווייַגנ. — ס'איז, פארשטייט זיכ, שווער זיי אָנרופנ ליבע. נאָר

עפּשער איז עס מער אונ שטארקער פֿונ ליבע. מיר דוכט, איך קאָנ פארגעסנ מײַנ מוטער, מײַנ זונ, אונ לי װעל איך ניט פארגעסנ. ס'איז געװוּג, עפּעס זאָל דערמאָנענ אינ איר, איך זאָל צופּעליק װעגנ איר א קלער טאָנ, אז דאָס הארצ, דאָס גאנצע בלוט אינ מיר זאָל אופֿזידנ אונ זיך ניט לאָזנ שטילנ, אונ קײנ געדאנק װעגנ הײמ, װעגנ רו זאָל ניט האָבנ קײנ מאכט איבער מיר. איך קאָנ זאָגנ מיט אירע װערטער: האס — דאָס איז פֿונ הײַנט אָנ מײַנ ברױט אונ מײַנ זאלצ, מײַנ װײַב אונ מײַנ קינד.

——✶✶✶——

# אינהאלט

Цена 5 руб.

Н. ЛУРЬЕ

# У ОТКРЫТОЙ МОГИЛЫ

Госиздательство „Дер Эмес“
Москва, Старопанский пер., 1.